# דער גרעסטער
# דעטעקטיוו

אן אינטערסאנטער שטודיום פון אויסערארדענטליכע
מענשליכע פעהיגקייטען

— פון —

## א. קאנאן דאיל

איבערזעצט נאך דעם ענגלישען פון

## ד. מ. הערמאלין.

---

היברו פאבליקשינג קאמפאני
632־34 בראדוויי, ניו יארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.
928

# דער גרעסטער
# דעטעקטיוו

אן אינטערסאנטער שטודיום פון אויסערארדענטליכע
מענשליכע פעהיגקייטען

— פון —

## א. קאנאן דאיל

איבערזעצט נאך דעם ענגלישען פון

## ד. מ. הערמאלין.

---

היברו פאבלישינג קאמפאני
34־632 בראדוויי, ניו יארק.

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY

632-34 Broadway, New York.

1928

## דער גרעסטער דעטעקטיוו.

### 1.

## שערלאָק האָלמז.

עס איז געווען אין יאָהר 1878, ווען איך האב ערהאלטען מיין טיטעל ד"ר. דער מעדיצין, אין דער לאָנדאָנער אוניווערזיטעט. דאן האב איך גענומען א קורס אין כירורגיע און בין אריין אלס ארצט אין דער ענגלישער ארמעע. מיין רעגימענט איז אוועק געשיקט געוואָרען נאך אינדיען און איך בין מיטגעפאָהרען.

דאָרט האב איך מיטגעמאכט א פּאאר מלחמות, פערוואונדעט געוואָרען, און ווען איך האב ווידער צוריק געקעהרט נאך לאָנדאָן, בין איך געווען פּאָלקאָמען זאט פון מיליטערישען לעבען.

איך האב מיך איינגעדונגען אין א האָטעל און בעאבזיכטיגט צו רוהען. עס האט אָבער ניט פיעל געדויערט און איך האב איינגעזעהען, אז מיינע פינאנצען וועלען מיר ניט ערלויבען צו וואָהנען אין אזא גרויסארטיגען האָטעל, און ניט האבענדיג קיין פריינדע, האב איך מיך שטארק געשראָקען פאר דער צוקונפט.

אין א טאָג, שטעהענדיג אין פראָנט פון מיין האָטעל, האב איך פּלוצלינג דערשפּירט וויא יעמאנד האט בעריהרט מיין שולטער. זיך אומווענדענדיג, האב איך פאר מיר דערזעהען מיינעם אַיין אַלטען שול־קאמעראד, מיט דעם נאמען סטאמפאָרד.

„וואס טהוסטו, וואטסאָן?" האט ער מיך געפרעגט מיר געבענדיג זיין האנד „וואס איז מיט דיר געוואָרען? דוא ביסט דאך אויסגעמאָגערט וויא א הונגריגע קאטץ און שווארץ באלד וויא א נעגער?"

מיך האט זעהר געפרייט צו זעהען א פריינדליכעס געזיכט, און איך האב איהם באלד אַלעס דערצעהלט איבער מיר.

„און וואס דענקסטו יעטצט צו טהון?" האט ער געפרעגט מיטליידיג.

„דיא וואהרהייט איז,“ האב איך געענטפערט, „אז פאר אלעמען וואלט איך וועלען האבען ערגיץ עפעס א בילינע לאזשיע, ווייל עס וועט באלד ווערען לעדיג אין מיינע קעשענעס אין דיעזען אריסטאקראטישען האטעל.“

„דאס איז מערקווירדיג,“ האט מיין פריינד בעמערקט, „דוא ביסט שוין היינט דער צווייטער מענש וואס דריקט פאר מיר אויס אזא וואונש.“

„און ווער איז געוועזען דער ערשטער?“ האב איך געפרעגט נייגיעריג.

„א יונגער מאן וואס ארבייט אין כעמישען לאבאראטאריום אין האספיטאל. ער האט זיך פאר מיר געקלאגט היינט אין דער פריה, אז ער ווייס ניט וואס צו טהון, אום צו געפינען יעמאנדען וואס זאל מיט איהם בשותפות דינגען א פאאר פאסענדע צימערן, וועלכע ער האט געפונען פאר בילינג.“

„בייא גאט!“ האב איך אויסגערופען, „דאס איז דאך א פראכטפאלע אידעע! אויב ער ווינשט ווירקליך יעמאנדען, דאן בין איך בערייט דאפיר. איך וואלט איבערהויפט וועלען וואהנען מיט יעמאנדען צוזאמען.“

„אבער,“ האט ער געזאגט צעגערענד, „דיא וואהרהייט איז, אז דוא קענסט נאך ניט שערלאק האלמז. איך ווייס ניט אויב דוא וועסט צופריעדען זיין מיט איהם צו וואהנען צוזאמען.“

„וואס איז דען? ווארום זאל איך ניט וועלען?“

„איך זאג נאר ניט, איך מיין בלויז, אז ער איז א מערקווירדיגער מענש, אדער וויא מען רופט דאס, א פערברענטער סטודענט איבער זיינע וויסענשאפטען. וואס עס אנבעלאנגט זיין אייגענע פערזאן, ווייס איך, אז ער איז זאגסט איין אנ־שטענדיגער מענש.“

„איז ער א מעדיצינישער סטודענט?“ האב איך געפרעגט.

„ניין; און איך האב קיין אהנונג וואס ער וויל איבערהויפט ווערען. לויט וויא מיר איז בעקאנט, פערשטעהט ער גוט אנאטאמיע, ער איז איין ערשטע קלאסע כעמיסט; און דאך זעהט עס אויס, אז ער וויל קיין מעדיצין ניט שטודירען. נאר דאס וואס ער האט יא געלערענט, קען ער אזוי גוט, אז ער האט ערשטוינט אלע פראפעסארען.“

„האסטו איהם אמאל געפרעגט וואס ער בעאבזיכטיגט?“

„ניין; ער איז ניט קיין מענש וואס זאל דערצעהלען איין אנדערן זיינע פלענער.“

„איך וויל נייגיעריג איהם צו זעהן,“ האב איך בעמערקט. „דיא וואהרהייט

איז, אז איך בין זעהר צופריעדען צו לאָזשירען מיט א וויסענשאַפטליכען מענשען, איך בין נאך זעהר שוואך און איך בענעטהיג רוה. אזא מאַן מאַכט געוויס קיין רעש ניט. איך האב שוין געהאט גענוג פון קאַנאָנען־קראַכען אין אפגאַניסטאַן. וואו זאָנסטו קען איך מיך מיט איהם בעגעגענען?"

"ער איז געוויס אין לאַבאָראַטאָריום. אמאל איז ער דאָרט נישטאָ וואָכענ־לאַנג, נאָר ווען ער כאַפּט זיך צו, ליעגט ער דאָרט איבער פון זונען אויפגאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט. ווען דוא ווילסט, וועלען מיר נעהמען א דראָשקע נאָך'ן פריהשטיק און אהין צו פאָהרען."

מיר זיינען אריינגעגאַנגען עפּעס עסען און אונזער געשפּרעך האט זיך אומ־געווענדעט אויף גאַנץ אנדערע זאַכען.

פאָהרענדיג צום לאַבאָראַטאָריום, האט סטאַמפּאָרד בעמערקט:

"זעהסטו, וואַטסאָן, איך וויל ניט דוא זאָלסט אויף מיר פאַראיבעל האבען, ווען דוא וועסט ניט קענען מיט איהם דורכקומען. אַלעס וואס איך ווייס איבער איהם, האב איך דיר דערצעהלט."

"וואס קען דאָ זיין?" האב איך געענטפערט, "איך נעה דאך ניט חתונה האבען מיט איהם. ווען איך וועל ניט קענען איינשטימען מיט איהם, וועל איך מיך ארויס ציהען. יעדענפאַלס, סטאַמפּאָרד, שיינט מיר, אז דוא אליין ביסט אויך ניט שטאַרק צופריעדען פון איהם?"

"ער איז א מערקווירדיגער מענש!" האט סטאַמפּאָרד געזאָגט. "און פאַר מיר איז ער אביסעל צו פיעל וויסענשאַפטליך. ווען עס האנדעלט זיך ביי איהם אום צו ערגרינדען א געוויסע וויסענשאַפטליכע וואהרהייט, איז קיין אָפּפער צו גרויס דערפאַר. ער איז אימשטאַנדע צו געבען זיין בעסטען פריינד דעם נעפעהרליכסטען גיפט און אויפפּאַסען וואס פאַר א ווירקונג דאס מאַכט. אָבער דאס איז ניט אויס שלעכטקייט, ווייל ער אליין איז אויך בערייט איינצונעהמען דעמזעלבען גיפט, אום צו ערדייכען זיין איבערצייגונג. איבריגענס, עס זיינען אויך דאָ פיעללייכט מעהרערע אזעלכע וויסענשאַפטליכע דרעה־קעפּ. אָבער מיך אינטערעסירען זייא ניט פיעל."

"ריכטיג."

"ער איז אויך אימשטאַנדע צו שלאָגען א טויטען קערפּער מיט א שטעקען."

"וואס איז דאס?"

„דאס הייסט, אום זיך צו איבערציינען וואס פאר איין איינדרוק א קלאפ קען מאכען אויף א קערפער נאך'ן טויט. איך האב איהם געזעהן א פאאר מאל דאס טהון."

„און דוא בעהויפטעסט, אז ער שטודירט ניט קיין מעדיצין?"

„ניין. דאס איז דאך דאס מערקווירדיגע. אבער דא זיינען מיר שוין. באלד וועסטו איהם זעהען און דוא וועסט קענען אליין אורטהיילען."

גראדע דאמאלס איז אונזער דראשקע געבליעבען שטעהען נעבען גרויסען האספיטאל. דער פלאטץ איז מיר שוין געווען בעקאנט און איך האב ניט בע־דארפט מען זאל מיך פיהרען. מיר זיינען ארויף די שטיינערנע טרעפען, און פון דארט דירעקט געגאנגען אין לאבאראטאריום.

עס איז געווען דארט בלויז איין סטודענט, און ביים קלאפען פון אונזערע פיס, איז ער אויפגעשפרונגען, אויסשרייענדיג מיט פרייד:

„איך האב דאס! איך האב דאס!"

ווען ער וואלט ענטדעקט א גאלד־מיענע, וואלט ער ניט בעדארפט מעהר פרייד אויסדריקען.

סטאמפארד האט אונז אונטערדעסען פארגעשטעלט, זאגענדיג:

„דאקטאר וואטסאן — מר. שערלאק האלמז."

„און וויא געהט עס אייך?" האט ער מיך געפרעגט, מיר דריקענדיג מיין האנד זעהר קרעפטיג. „וויא איך רעכען, זייט איהר געווען אין אפגאניסטאן."

„פון וואנען ווייסט איהר דאס?" האב איך געפרעגט מיט ערשטוינען.

„זאל עס אייך ניט ארען," האט ער געזאגט גוטמיטהיג, „די פראגע איז נאר, וואס הערט זיך עפעס מיט מיין ערפינדונג?"

אזוי שטעהענדיג, האט ער אונז אנגעפאנגען צו געבען איין ערקלערונג אין וואס זיין ערפינדונג בעשטעהט. דיעזע איז געמליך געווען א כעמישע אונטערזוכונג אויסצוגעפינען, מיט פיעלע מאגאטע שפעטער, אויב א געוויסער פלעק אויף קליידער איז פון מענשליכעס בלוט אדער ניט. אין זיין ערקלערונג האט ער בעוויזען א טיכטיגע כעמישע וויסענשאפט, און איך האב בעמערקט:

„פון א כעמישען שטאנדפונקט אויס, איז דאס זעהר אינטערעסאנט."

„ניין, ניין," האט ער געענטפערט, „איך מיין פון א קרימינעלען שטאנדט־פונקט. צום בייספיעל, א מענש ווערט פערדעכטיגט אין א געוויסען מארד. עס קען אמאל פאראיבער מעהרערע מאגאטע, ביז מען שפירט צו איהם נאך דאס פערברעכען. זיין וועש אדער זיינע קליידער ווערען אונטערזוכט, און מען געפינט

דארויף ברוינע פלעקען. זיינען דיעזע בלוט־פלעקען, בלאָטע־פלעקען, ראָסט־פלעקען אָדער אירגענד וועלכע אנדערע פלעקען? אָט דאס איז דיא פראגע וואס האט שוין לאנג בעשעפטיגט פיעלע עקספערטען. און ווארום? ווייל מען האט קיין ריכטיגע וויסענשאפטליכע אונטערזוכונג ניט געקענט מאכען. יעטצט וועלען מיר האבען מיין אייגענע ערפינדונג צו דיעזען צוועק."

זיינע אויגען האבען געגלענצט פאר פרייד, און צוליינענדיג זיינע הענד צו זיין ברוסט, האט ער זיך פערנייגט וויא פאר איין אפלאָדירענדעס פובליקום.

„אָט צום ביישפיעל," האט ער פאָרטגעזעטצט, „איז לעטצטעס יאָהר געוועזען דיעזעלבע פראגע מיט פאָן בישאָף אין פראנקפורט. ווען מיין ערפינדונג וואָלט דאמאלס עקזיסטירט, וואָלט ער געווים בעצאָהלט אויף א תליה פאר זיין פער־ברעכען. דאן דיא עהנליכע געשיכטע מיט מייסאָן פון ברעדפאָרד, מיט דעם בע־ריהמטען מערדער מיללער, לעפעווער פון מאָנפעליע און סאמסאָן פון ניו אָרלינס. איך וואָלט געקענט אויסרעכענען נאך מעהרערע אזעלכע פעללע."

„איהר זעהט אויס זעהר גוט בעקאנט צו זיין מיט דער קרימינאל־געשיכטע," האט סטאמפאָרד געזאָגט לאכענדיג. „איהר וואָלט שוין באלד געקענט דאריבער שרייבען א היסטאָריע."

„און וואס מיינט איהר," האט שערלאָק האָלמז געענטפערט. „עס וואָלט ווירקליך געוועזען זעהר אינטערעסאנט."

בייא דיעזע ווערטער האט ער בעמערקט, וויא סטאמפאָרד האט געריהרט א פאאר כעמישע גלעזלעך פון דעם טיש.

„פאָרזיכטיג, פאָרזיכטיג," האט ער בעמערקט, „דאָ געפינען זיך זעהר גע־פעהרליכע ניפטען."

סטאמפאָרד האט זיך געזעטצט און ערקלערט דיא אורזאכע פון אונזער בעזוך.

שערלאָק האָלמז האט אויסגעזעהען צו זיין זעהר צופריעדען מיט דעם פאָרשלאג.

„דיא וואהרהייט איז," האט ער געזאָגט, „אז איך האב איין אויג אויף עטליכע גוטע צימערן אין בייקער סטריט, וואו מען דארף קיין טרעפען ניט ארויף געהען. האט איהר עפעס דאגעגען דעם גערוך פון שטארקען טאבאק?"

„אָה ניין," האב איך געענטפערט. „איך אליין בין אויך א רויכער."

„דאס איז זעהר גוט. און וואס הערט זיך עפעס מיט דעם גערוך פון געוויסע כעמישע פאטעריאלען?

„דאס קימערט מיך אויך ניט".

„יא, לאָמיר נאכזעהען וואס נאך פאר א חסרונות איך האב — ריכטיג, מיך בעפאַלט אמאל א מין שטומענעש און איך געה ארום אָהן רייד עטליכע טעג דורכ־אנאנד. עס זאָל אייך ניט קימערן; איהר זאָלט מיך לאָזען גענהען, ווייל באלד נאכדעם ווער איך ווידער א מענש וויא אלע מענשען. יעטצט לאָמיר הערען אייערע חסרונות."

איך האב געלאַכט און געענטפערט:

„איך בין אונגעהייער פויל; שלאָף אמאל גאנצע טעג מיט גאנצע נעכט; איך ליעב צו זיין זעהר רוהיג און האב פיינד געשטערט צו ווערען דורך סקאנדאל און גערוויש."

„איז אונטער גערוויש אויך אריינגערעכענט פידעל־שפּיעלען?" האט ער גע־פרעגט אביסעלע בעזאָרגט.

„עס הייננט אָב וויא מען שפּיעלט," האב איך געענטפערט. „א גוטער שפּיעלער אמוזירט מיך, נאָר א שלעכטער..."

„דאס איז גוט!" האט ער אויסגעשריען מיט א מונטערן שמייכעל. „לויט וויא איך זעה, איז שוין אלעס געענדיגט. דיא פראגע איז בלויז, אויב דיא ציטערן וועלען אייך אויך געפעלען."

„ווען קענען מיר זייא זעהען?"

„קומט אהער מאָרגען אום מיטאג־צייט, און מיר וועלען צוזאמען ארונטער געהען."

„גוט. פונקט אום מיטאג־צייט," האב איך געענטפערט, געהמענדיג זיין האַנד.

ער האט זיך באלד נאכדעם צוריק געזעטצט צו זיין ארבייט, און איך מיט סטאמפאָרד'ן האבען צוריק שפּאַצירט צו מיין האָטעל.

„צום טייפעל," איז געווען מיין ערשטע פראגע, „וויא אזוי האט ער געוואוסט, אז איך קום פון אפגאַניסטאַן?"

„אָט דאס איז דאָך טאקי דאס מערקווירדיגע." האט סטאמפאָרד געענט־פערט. „און פיעלע מענשען האבען זיך שוין אינטערעסירט אויסצוגעפינען וויא אזוי ער טרעפט זייערע געהיימניסע."

„ער איז איין אינטערעסאנטע בריאה," האב איך געזאָגט. „יעדענפאלס בין איך דיר זעהר דאנקבאר פאר דער בעקאנטשאפט מיט איהם. דאס איז אמת, דער ריכטיגער שטודיום פון דער מענשהייט, איז צו שטודירען דעם מענשען."

„און עס איז דאָ אין איהם וואס צו שטודירען," האט מיין פריינד געזאגט. איך רעכען, אז ער וועט דיך נאך א סך מאל ערשטוינען. איך וויל וועטען, אז ער וועט איבער דיר מעהר וויסען אין א טאָג, וויא דוא איבער איהם אין מעהרערע מאָנאטען."

מיין פריינד האט פון מיר אבשיעד גענומען און איך בין אריין אין מיין האָטעל.

2.

## דיא אויסרעכנונגס-וויסענשאַפט.

אויף'ן אנדערן טאָג, צו דער בעשטימטער צייט, האב איך איהם ריכטיג בעזוכט און דאן זיינען מיר אוועק זעהען דיא צימערן פון 221 בייקער סט. דיעזע זיינען בעשטאנען פון 2 שלאָף-צימערן, און איין גרויסער און ברייטער זאאל. אלעס אויסגעמעבלירט זעהר ליכטיג און לופטיג. אלעס איז מיר געפעלען געוואָרען און מיר האבען זייא געדונגען פאר א גאנץ ביליגען פרייז.

נאך אין דעמזעלבען אבענד האב איך מיך אריינגעצויגען, און אויף'ן אנדערן מאָרגען, האט שערלאָק האָלמז געבראכט איינינע קאסטענס און האנד-טאשען.

דיא ערשטע פאאר טעג, זיינען מיר געווען בעשעפטיגט אין אראנזשירען אונזערע זאכען, און ווען מיר זיינען דערמיט פערטיג געוואָרען, האבען מיר אָנגעהויבען ביסלעכווייז בעקאנט צו ווערען.

האָלמז איז דורכאויס געווען א מענש מיט וועלכען מען האט געקענט צוזאמען וואָהנען. ער איז געווען רוהיג און זעהר רעגעלמעססיג אין זיין לעבען. זעלטען איז ער געגאנגען שלאָפען שפעטער וויא 10 אוהר, און ווען איך בין אויפגעשטאנען, האט ער שוין געהאט געגעסען פריהשטיק און איז אוועק.

מאנכע מאל, לויט וויא איך האב ערפאהרען, האט ער פערבראכט דעם טאָג אין כעמישען לאבאָראטאָריום, אמאל אין פאלמעס-צימער, און צייטענווייז האט ער ארום שפאצירט גאנצע טעג אין דיא ניעדריגסטע געגענדען פון לאָנדאָן.

ווען ער איז געווען טהעטיג, איז ער אויך געווען דיא פלייסיגקייט זעלבסט, נאָר ווען ער איז פויל געוואָרען, האט ער געקענט אָבליעגען טעג לאנג אויף דער סאָפאַ, זיך ניט ריהרענדיג און ניט רעדען א וואָרט. אין זאָלכע צייטען האב איך בעמערקט א טרוימערישען און מאטען אויסדרוק אין זיינע אויגען, און ווען איך

וואָלט ניט געוואוסט, אז ער איז זעהר א ניכטערנער און רענעלמעסיגער מענש, וואָלט איך זיכער גערעכענט, אז ער געניעסט אָפּיום אָדער איין אנדערן געפעהר־ליכען בעטייבענדען שטאָף.

וואָכען זיינען פּאַראיבער, און מיין נייגיעריגקייט איבער איהם איז אלץ גרעסער געוואָרען. זיין גאַנצע פּערזאָן און ערשיינען האבען אין זיך געהאט עפּעס געהיימ־ניספאָלעס. ער איז געווען א מענש איבער 6 פוס הויך, און זיין מאָגערקייט, האט איהם געמאכט בעדייטענד העכער. ווען ער איז ניט געלעגען און געטרוימט, האבען זיינע אויגען געהאט דיא שארפקייט און איינדרינגליכקייט פון איין אדלער. זיין דינע און שפּיטציגע נאָז, האט איהם פאָרגעשטעלט וויא איינעם וואס הערט זיך אימער אויפמערקזאם צו צו זאכען וואס אנדערע הערען ניט. זיין געזיכט אין אלגעמיינעם, איז געווען רעגעלמעסיג, אָבער מען האט דאָרט געקענט לעזען א זעלטענע ענט־שלאָסענהייט.

זיינע הענד זיינען כמעט אימער געווען פערפלעקט מיט טינט און כעמישע שארפע שטאָפען, אָבער ער האט אין דיא פינגער געהאט אזא געפיהלס־קראפט, וויא עס מאכט זיך זעלטען זאָגאר בייא דיא בעסטע זיינער־מאכערס. דאס האב איך מעהרערע מאָל בעמערקט, וויא שנעל און פּינקטליך ער איז אומגעגאנגען מיט זיינע וויסענשאפטליכע אפּאראטען.

עס איז מערקווירדיג, איך בין פון דער נאטור אימער געווען א מענש וואס זוך אום יענעמ׳ס אינערליכע אנגעלעגענהייטען ניט בעקימערן, אָבער דיעזער מענש האט אין מיר ערוועקט א נייע נאטור, פון זעלטענער נייגיערינקייט.

האבענדיג ווייניג פריינדע און זייענדיג שוואך, בין איך מייסטענטהיילס געזעסען אין הויז און ניט ארונטער געגומען מיינע אויגען פון מיין קאָמפּאניאָן.

ער האט ניט געשטודירט קיין מעדיצין. אין א טאָג האט ער דאס מיר צר פעלינ אליין געזאָגט. ער האט זיך אויך ניט פאָרבערייטעט צו אנדערע שטודיום׳ס, אום ער זאָל קענען נעהמען א טיטעל פאר אירגענד א צווייג דער וויסענ־שאפט, אום ער זאָל האבען א צוטריט צו דער געלערענטער וועלט.

טראָטץ דעם אלעמען אָבער, האט ער זיך יא בעשעפטיגט מיט געוויסע וויסענשאפטען, און דאס וואס ער האט געלערענט, האט ער אזוי גוט געקענט, דאס ער האט זיך געקענט אין דעם פערהערען מיט דעם גרעסטען פּראָ־פעסאָר.

אָבער צו וועלכען צוועק איז דאס? וועלכער מענש מיט שכל געהט גלאט

אין דער וועלט אריין ארביימען אין געוויסע געלעהרזאמקייט, אָהן א ציעל און אָהן א צוועק?

אין דערזעלבער צייט האב איך בעמערקט איין אנדערע זאך וואס האט מיך נאך מעהר איבערראשט. פון געגענוואַרטיגער ליטעראטור, פילאָזאָפיע און פּאָליטיק, האט ער גראדע אזוי פיעל געוואוסט וויא א ווילדער נעגער פון צענטראל אפריקא. ווען איך האב אין א טאָג דערמאָהנט דעם גרויסען ענגלישען דענקער טהאָמאַס קארלייל, האט ער מיך געפרעגט, אין א גאנץ אונשולדיגען טאָן, ווער דיזער הערר איז.

אָבער מיין ערשטוינען איז נאך העכער געגאנגען, ווען איך האב אין א טאָג אויסגעפונען, אז ער האט קיין אהנונג פון דער קופּערניקוס טהעאָריע, דאס הייסט, אז דיא ערד געהט ארום דער זון. וועלכעס שול־קינד, פון אביסעל א העכערער קלאסע וויים ניט דערפון?

„איהר זייט ערשטוינט," האט ער געזאָגט שמייכלענדיג איבער מיין איבער־ראשונג, „אָבער אזוי וויא איך האב עס ביז יעטצט ניט געוואוסט און איהר האט עס מיר ערשט געזאָגט, וועל איך אָנווענדען אלעס מעגליכע דאס צו פערגעסען."

„פערגעסען?"

„יא," האט ער געענטפערט. „איך בעטראכט דאס מענשליכע געהירן, אין דעם קינדישען צושטאנד, וויא א לעערעס צימער וואס בענעטהיגט פערשיעדענע מעבלען. א דומקאָפּ שלעפּט אהין אריין שטוהלען, מישען, העלצער, קלעטצער און אייזענס; עס ווערט אזוי איינג, אז דאס ניטצליכסטע, א בעט צום רוהען, קען מעהר דאָרט ניט שטעהען. מיט דעם מענשליכען געהירן איז אויך דאסזעלבע; מען שלעפּט אהין אריין אלעס וואס מען טרעפט, און דאס ניטצליכע צו וועלכע דאס געהירן איז פעהיג, האט מעהר קיין פּלאַטץ. דער מענש מיט שכל מעבילירט אויס זיין צימער מיט דאס נויטווענדיגסטע און זוכט אימער פרייען רוים פיר דאס ניטצליכסטע. עס איז דאָך נאריש צו דענקען, אז דאס געהירן איז פון גומי או, מען קען דאס ציהען און ציהען וואוהין מען וויל און וויפיעל מען וויל. נאך מיינער אנזיכט, דארף א מענש זיך וועהלען א געוויסעס פאך, צו וועלכען ער איז פעהיג און זיך פערפאָלקאָמען אין דעם."

„אָבער אזא קלייניגקייט, וויא דיא קופּערניקוס־טהעאָריע," האב איך געזאָגט פּראָטעסטירענדיג, „דאס זאָל יעדער מענש וויס[?"]

„צו וועלכען צוועק דארף איך דאס וויסען ?" האט ער נעזאָגט מיך אונטער־ברעכענדיג. „איהר בעהויפטעט, אז דוא זונן שטעהט און דיא ערד געהט ; ווען דיא זונן מיט דער ערד צוזאמען זאָלען געהען ארום דער לבנה, וועט עס פאר מיר האבען גראדע דיעזעלבע בעדייטונג. מיין ארבייט קען נאך דאדורך ניט גע־שטערט ווערען."

איך האב איהם נאָר וואס געוואָלט פרעגען וואס פאר איין ארבייט דאס איז איבער וועלכער ער רעדט, נאָר א מיענע אויף זיין געזיכט האט מיך איבערצייגט, אז ער וועט זיין אונצופריעדען.

איך האב געשוויעגען און אָנגעפאנגען נאכקלערען וואס פאר א וויסענשאפטען ער בעזיטצט, און בעשלאָסען פון דיעזע צו אורטהיילען, פיעללייכט אויף זיין הויפט בעשעפטיגונג.

נאך פיעלען נאכדענקען, בין איך געקומען צו דיעזען סך־הכול : ליטעראטור, פילאָזאָפיע און אסטראָנאָמיע, האט ער גאר ניט פערשטאַנען ; פאָליטיק, עטוואס באטאניק, איז ער געוועזען גוט בעקאנט מיט דיא ניפטיגע פלאַנצונגען ; געאָלאָגיע, אויבערפלעכליך, אָבער ווען ער האט בעמיערקט בלאָטע אויף יעמאנד'ס שיך, האט ער מיט א מערקווירדיגער פינקטליכקייט באלד געזאָגט פון וואס פאר א שטאָדט־ווינקעל מען קומט ; כעמיע, טיכטיג און פאלקאָמען ; אנאַטאָמיע, זעהר גוט אָבער ניט סיסטעמאטיש ; אין דער געשיכטע פון וועלטליכע פערברעכען, גוט בעקאנט, ער שפיעלט אויסגעצייכענט אויף א פידעל ; ער איז א טיכטיגער פויסט־קעמפפער, שווערט־קעמפפער און שיסער ; ער פערשטעהט גוט דיא פראקטישע זייט פון דעם ענגלישען געזעטץ־בוך.

איך האב דאס אלעס גוט איבערגעדענקט, אָבער מיר־ניט־דיר־ניט קומען צו א בעשלוס, איז מיר אונמעגליך געוועזען. וואס עס אנבעלאַנגט זיין פידעל־שפיעלען, מעג איך זאָגען, אז ער איז געוועזען א קינסטלער. נאָר ער האט זעלטען געשפיעלט און שטארק פערנאכלעסיגט צו פראָדוצירען ; צור צייט אָבער וואס ער האט גע־שפיעלט, האבען אויך מבינים געמעגט הערען.

וועהרענד דער ערשטער וואָך פון אונזער צוזאמען וואָהנען, האבען מיר ניט געהאט קיין בעזוכער, און איך האב מיר געטראכט, אז מיין קאָמפאניאָן האט גראדע אזוי קיין פריינדע ניט, וויא איך. מיט א קורצער צייט שפעטער אָבער, האב איך ערפאַהרען, אז זיינע בעקאנטע בעשטעהען פון אלע קלאסען מענשען.

אין איין אבענד, אהיים קומענדי'ג פון א שפאציר, האב איך דאָרט גע־טראָפען א ניעדריגען מאן מיט א קאָטצען־געזיכט, וועלכער איז פאר מיר פאָרגע־

שטעלט געוואָרען אלס א מר. לעסטרייד. דיעזען האב איך זייט דאן געזעהען קומען 3 אָדער 4 מאל א וואָך. איין א גאַנץ פריה, איז ערשיענען א מיידעל, זעהר עלע־גאַנט געקליידעט און איז פערבליעבען א האלבע שטונדע. אין דעמזעלבען נאכמיטאג האב איך געזעהען בייא איהם איין אלטען אידען מיט גרויע האאר, וועלכער האט אויסגעזעהען שטארק אויפגערעגט, און דאן איז אויך ערשיענען איין אלטע פרוי, וועלכע איז געווען וואהרשיינליך זיין פרוי.

איין אנדער מאל האב איך געזעהען זעהר איין אלטען מאַן, און איז געווען זעהר רייך געקליידעט; א דריטעס מאל, האב איך בעמערקט א באהן־קאָנדוקטאָר.

ווען איינער פון דיעזע בעזוכער איז ערשיענען, האט מיך שערלאָק האָלמז גע־בעטען, איך זאָל איהם ערלויבען אונזער גרויסעס צימער און איך האב מיך צוריק געצויגען אין מיין שלאָף־צימער אום איהם ניט צו שטערען.

ער האט זיך אימער פאר מיר ענטשולדיגט, ערקלערענדיג, אז דיעזעס צימער איז פאר איהם זיין געשעפטס־לאָקאל און דיא בעזוכער זיינען זיינע קונים.

עס איז געווען, וויא איך קען מיך יעטצט גענוי עראינערן, אם 4־טען מערץ, ווען איך בין אויפגעשטאַנען אונגעוועהנליך פריה, און געוואַרט דיא בעל־הבית׳טע זאָל מיר אריינברענגען פריהשטיק. איך האב בעמערקט א מאָנאַט־שריפט אויף׳ן טיש, און ניט האבענדיג וואס צו טהון, האב איך דאס גענומען לעזען. איין אר־טיקעל, מיט דער מערקווירדיגער אויפשריפט: „דאס בוך פון לעבען“, האט מיין אויפמערקזאמקייט צוגעצויגען, און אונטער פערשיעדענעס, האט דער שרייבער אזוי געזאָגט:

„פון איין טראָפּען וואסער, קען א לאָגישער מענש אורטהיילען איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, אָדער איבער דער מאכט פון דעם ניאַגאַרא־פאלל, אָהנע ער זאָל האבען געזעהען איינע פון דיעזע וואסער־קרעפּטען. אזוי איז דאס גאַנצע לעבען בלויז איין גרויסע קייט, און א קלוגער מענש, ווען ער האט נאָר איין רינג דערפון, קען ער אורטהיילען איבער דאס איבריגע. גראדע וויא אלע אנדערע וויסענשאַפטען, איז דיא קונסט פון אויסרעכנונג און אנאליזע, זעהר לייכט צום ער־רייכען, ווען מען ווענדעט דערבייא אָן א סיסטעמאַטישען שטודיום. אין דערזעלבער צייט ווידער, איז דאס מענשליכע לעבען ליידער, ניט לאַנג גענוג מען זאָל קענען פאָלקאָממען אין דעם. צום ערשטען איז נויטהווענדיג צו שטודירען קלייניגקייטען, וויא צום בייאשפּיעל: ווען מען ערבליקט א מענשען, זאָל מען פון דעם ערשטען בליק קענען גלייך אורטהיילען איבער זיין געשיכטע, לעבען און בעשעפטיגונג. וויא

אונגיטצליך איז א בעאָבאכטונג זאָל ניט בעטראכטעט ווערען, שארפט זיא דעננאך דיא בעמערקונגס־קראפט און לערענט דעם בעאָבאכטער וואו צו קוקען און וויא אזוי צו שטודירען זיין מיט־מענשען. בייא א מענשען׳ס פינגער־נענעל, בייא דיא ארבעל פון זיין ראָק, בייא זיינע שיך, בייא דיא הויזען־קניען, בייא זיינע הענד־מאנשעטען און נעזיכטס־אויסדרוק, — קען מען דייטליך באלד דערקענען זיין בער־שעפטיגונג. דערפון פאנגט מען אָן ווייטער...."

מעהר האב איך ניט געוואָלט לעזען, און אוועק שמייסענדיג דאס בוך, האב איך אויסגערופען:

„איך האב נאך אזא דומע פלוידערייא קיינמאל ניט געלעזען!"

„וואס איז דאָרט?" האט האָלמז געפרעגט זיך אומקוקענדיג.

„אָט דער ארטיקעל," האב איך געענטפערט, צייגענדיג אויף דער מאָגאט־שריפט. „עס איז אפילו ניט שלעכט אויפגעשריעבען, אָבער בייא מיר הייסט עס, דומהייטען אויסגעדריקט אין א שעהנער שפראך. איך וואָלט געוועט טויזענד צו איינעם, ווען דער שרייבער זאָל מיר קענען בעווייזען פראקטיש דיא וואהרהייט פון זיינע דומע אידעען."

„איהר וועט זיכער פערלירען," האט ער געזאָגט גאנץ רוהיג. „און וואס עס אנבעלאנגט דעם ארטיקעל, בין איך דער שרייבער."

„איהר?"

„יא, מיין פריינד, און דיעזע טהעאָריען פערווענד איך טאקי אין דער פראק־טיק און פון דעם ציה איך אויף מיין ברויט."

„אָבער וויא אזוי?" האב איך געפרעגט נייגיעריג.

„איך האב א מערקווירדיגע בעשעפטיגונג, און איך גלויב, אז איך בין טאקי נאָר איינער אין דער וועלט. אויב איהר פערשטעהט מיך, בין איך איינער וואס גיט רעטעקטיווים עצות. דאָ אין לאָנדאָן, זיינען דאָ פון דער חברה וויא דיא הינט. ווען זייא יאָגען זיך נאך א היבשע צייט און כאפען א שאטען, דאן קומען זייא צו מיר און איך ראטה זייא. אָט צום ביישפיעל, לעסטראד, וועלכער בעזוכט מיך זעהר אָפט, איז אריינגעפאלען לעטצטענס אין א בלאָטע איבער א בעריהמטער פעלשונגס־געשיכטע; ער איז אפילו א גרויסער דעטעקטיוו, נאָר ווען ער וויים ניט וואו ער איז אין דער וועלט, קומט ער צו מיר."

„און ווער זיינען דיא אנדערע וואס בעזוכען אייך?"

„זייא קומען אהער מייסטענטהיילס פון פריוואט־דעטעקטיוו אגענטורען,

אנדערע האבען נלאט אליין איינענע צרות. איך הער אויס זייער געשיכטע, זייערע מיינונגען, גיב זייא איין עצה און קריעג דערפאר בעצאָהלט."

„ווילט איהר אפשר בעהויפטען," האב איך געזאגט, „אז אָהנע איהר זאָלט פערלאָזען אייער צימער, ווייסט איהר בלויז פון דיא שילדערונגען, ווער, וואס און ווען ?"

„יא, איך בעזיטץ א מין געפיהל וואס איך טרעף אקוראט. אמאל פאסירט א פאלל וואס קען זיך אזוי לייכט ניט ערקלערען, דאן מוז איך אליין געהען און אונטערזוכען. מיינע פערזענליכע בעטראכטונגען, זיינען במעט קיינמאל ניט אונ־ריכטיג. צום ביישפיעל איהר, האט זיך געוואונדערט, וויא אזוי, צום ערשטען מאל ווען איך האב אייך נאָר געזעהען, האב איך באלד געוואוסט, אז איהר קומט פון אפגאַניסטאַן."

„וואהרשיינליך האט דאס אייך יעמאנד געזאגט."

„חלילה וחס. איך האב פּאָזיטיוו געוואוסט, אז איהר קומט פון אפגאַניסטאַן. מיין לאָגישער ארגומענט איז געווען אזוי: אָט דאָ שטעהט פאר מיר א מאַן, וועלכער איז א דאָקטאָר, ער האט א מיליטערישע שטעלונג. דאס בעווייזט דייטליך, אז ער איז א מיליטער־ארצט. דאן קומט ער געוויס פון דיא טראָפּישע לענדער, ווייל זיין געזיכט און הענד זיינען אָבגעברענט פון דער זונן ; ער האט זעהר פיעל געליטען און איז קראנק. זיין לינקער ארעם איז פערוואונדעט געוואָרען, ווייל ער האלט איהם אין איין לאגע, וויא א געלעהמטער. אין וועלכע טראָפּישע לענדער האט איין ענגלישער מיליטער־ארצט געקענט זיין ווען ניט אפגאַניסטאַן ? אָט אזוי האב איך געאורטהיילט און אויסגערעכענט, און איהר זייט געווען פער־וואונדערט."

„לויט וויא איהר רעכענט עס אויס," האב איך בעמערקט שמייכ־לענדיג, „שיינט עס צו זיין גאַנץ איינפאַך, אָבער דיא פּראַקטיקע, איז גאַנץ אנדערש."

ער האט געשמייכעלט.

איך האב מיך דאן אויפגעהויבען און צוגעגאנגען צום פענסטער. ער האט פאָרטגעזעטצט :

„דיא וואהרהייט איז, אז ביז יעטצט האב איך נאך קיין שווערע אויפגאבע געהאט. איך בין נאך ניט זעהר לאנג אין דיעזער פּראָפעסיאָן, נאָר איך וואָלט וועלען האבען א געלעגענהייט צו בעווייזען מיינע קענטניסע."

בליקענדיג ארויס פון דעם פענסטער, האב איך בעמערקט א הויכען איינ־פאך געסליידעטען מאן, בליקענדיג אין אלע זייטען פון דיא הייזער, גלייך וויא ער וואָלט יעמאנדען געזוכט.

„ווער זאָל זיין דיעזער מאן?" האב איך נאכלעסיג געפרעגט."

האָלמז האט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צום פענסטער, און ארויס געקוקט.

„איהר מיינט יענעם צוריק געצויגענעם מארינע־סערזשענט?" האט ער גע־פרעגט.

„דומע פלוידערייא," האב איך מיר געטראכט, „אט דאָ וויל ער זיך שוין פאר מיר ריהמען, ווייל ער ווייס, אז איך וועל איהם ניט קענען בעווייזען, אז עס איז אזוי וויא ער זאגט."

אין דערזעלבער צייט אָבער, האט דער הויכער מאן וואהרשיינליך בעמערקט דעם נומער אויף אונזער טהיר, שנעל אריבער געגאנגען דעם וועג, און דאן האבען מיר געהערט א קלאפ אין טהיר און א דיקע שטימע האט געזאָגט:

„ריכטיג, יא. דאָ וואָהנט מר. שערלאָק האָלמז."

אין נעכסטען אויגענבליק, איז ער געשטאנען אין אונזער צימער.

מיך האט געפרעהט, וואס איך וועל האבען א געלעגענהייט צו בעווייזען מיין קאָמפאניאָן, אז ער פלוידערט.

„וועלכער איז מר. האָלמז?" האט ער געפרעגט.

„איך בין עס," האט האָלמז געענטפערט.

„דא האט איהר א בריעף פאר אייך."

„ענטשולדיגט," האב איך מיך אריינגעמישט, „ערלויבט מיר אייך צו פרעגען אויף אייער בעשעפטיגונג."

„יעטצט בין איך א פאָליציייא־אנגעשטעלטער," האט ער געענטפערט.

„און איהר זייט געווען?"

„א סערזשענט, מיין העררּ; אין דער קעניגליכער מארינע, לייכטע אינ־פאנטעריע."

דאן זיך ווענדענדיג צו האָלמז'ן, האט ער געפרעגט:

„קיין ענטפער? גוט. אדיע!"

ער האט זיך אומגעווענדעט, סאלוטירט מיליטעריש און איז אוועק.

---

8.

## דאס געהיימניס.

איך בין מודה, אז מיין קאָמפּאַניאָן׳ס פּעהינקייטען, האבען מיך אין יענעם אויגענבליק, נאך מעהר וויא איבעררראשט.

„וויא אזוי האט איהר דאס אַלעס אויסגערעכענט?“ האב איך איהם געפרעגט.

„וואס אויסגערעכענט?“

„דאס הייסט, וויא אזוי האט איהר געוואוסט, אז ער איז א מארינע סערזשענט?“

„איך האב יעטצט קיין צייט ניט פיר דומהייטען,“ האט ער געזאָגט אונהעפליך. „אָבער ענטשולדיגט מיר פאר מיין גראָבהייט. איהר האט יעטצט אונטערבראָכען דעם שטראָם פון מיינע געדאנקען. איבריגענס, פיעלליכט איז עס בעסער אזוי. אלזאָ, ווירקליך, איהר האט טאקי ניט געקענט איינזעהען, אז ער איז א מארינע סערזשענט?“

„ניין, ווירקליך ניין.“

„דאס איז מיר געווען לייכטער צו טרעפען וויא דאס צו ערקלערען, ווארום איך האב געטראָפען. ווען ער איז נאך געווען פון יענער זייט שטראסע, האב איך ערשטענס בעמערקט א בלויען אנקער אויף זיין האנד. דאס ציינט שוין דעם זעעמאן. ער איז געגאנגען מיט א מיליטערישער האלטונג און טראָגט קליינע באקענבערד. אט דאס איז דער מארינער. דערצו האט ער געציינט א מין שטאָלץ פון א קליינעם מיליטערישען בעאַמטען. דערפון אלזאָ שטאמט מיין אורטהייל.

„מערקווירדיג!“ האב איך אויסגעשריען.

„עס איז גאנץ איינפאך,“ האט ער געענטפערט. „אָבער, געדענקט איהר פריהער ווען איך האב געזאגט, אז מיר האט זיך נאך קיין וויכטיגער פאל געטראָפען? עס שיינט, אז איך האב יעטצט דיא געלעגענהייט. לייענט דאס.“

בייא דיעזע ווערטער האט ער מיר דערלאנגט דעם בריעף, און ווען איך האב איהם דורכגעבליקט, האב איך בעמערקט:

„דאס איז שרעקליך!“

„עס איז ניט אונגעוועהנליך,“ האט ער געזאגט גאנץ רוהיג. „ווען איהר

ווילט אזוי גוט זיין, לעזט עס מיר איבער הויך, און איך וועל ווערענד דעם מיר קענען בעסער איינשטודירען דיא פאקטען.״

דער בריעף האט פאלגענדעס ענטהאלטען:

„צו מיין ליעבען פריינד שערלאָק האָלמז. — לעטצטע נאכט האט פאַסירט א מיאוס׳ע געשיכטע אין נומער 3 לאָריסטאָן גארדענס, ניט ווייט פון בריקסטאָן ראָאד. אונזער פאָליציסט האט דאָרט געזעהן א ליכט אום 2 אוהר פאַרטאָג, און אזוי וויא ער האט געוואוסט, אז דאס הויז איז ניט בעוואָהנט, האט דאס אין איהם ערוועקט פערדאכט. צוקומענדיג, האט ער געטראָפען דיא טהיר אָפען, און אין לעדיגען פאָרדער־צימער, איז געלעגען דער קערפער פון א גוט־געקליידעטען מאַן, טויט. אין זיין קעשענע האט מען געפונען קארטען מיט דעם אויפשריפט: „ענאָק דזש. דרעבבער, קליוולאַנד, אָהייאָ, אמעריקא.״ קיין רויב האט פאסירט, און מען ווייס נאך פאָרלויפיג ניט וויא אזוי דער מאַן איז געשטאָרבען. עס זיינען דאָ בלוט־צייכען אין הויז, אָבער דער טויטער האט קיין איינציגען צייכען. מיר ווייסען אבסאָלוט ניט וואס צו דענקען דאריעבער. ווען איהר האט צייט ארונטער צו קומען, וועט איהר מיך דאָרט געפינען. פאָרלויפיג האב איך אַלעס געלאָזען וויא געוועזן ביז איהר וועט קומען. ווען איהר האט ניט קיין צייט צו ערשיינען, וועל איך אייך געבען נאך מעהרערע איינצעלהייטען. עס וועט מיך זעהר פרייען צו הערען אייער מיינונג.

אכטונגספאָל —

„טאָביעס גרענסאָן.״

„גרענסאָן,״ האט מיין פריינד בעמערקט, „איז דער קליגסטער פון אַלע לאָנדאָנער דעטעקטיווס. ער און לעסטראַד זיינען אין דער שפּיטצע פון אַלע דומקעפּ. זייא זיינען אפילו זעהר ענערגישע מענשען, אָבער עס פעהלט זייא א קלייניגקייט — שכל. דערצו האבען זייא נאך א טבע, איינער צו וועלכען אריעבער שטייגען דעם צווייטען, און מייסטענטהיילס פאלען זייא צוזאמען. שעהן וועט זיין, ווען ביידע וועלען זיך זעטצען אויף דער שפור פון דיעזען קרימינאלען געהיימניס.״

איך בין געוועזן ערשטוינט איבער דער רוהע וואס מיין פריינד האט אויסגעדריקט.

„אָבער מען דארף דאָך קיין אוינגענבליק פערלירען,״ האב איך אָנגעווענדעט. „זאל איך געהען ברענגען א דראָשקע?״

„איך ווייס נאר ניט, אויב איך וועל אין גאנצען געהען. היינט בין איך שרעקליך פויל.״

„אבער, איהר האט דאך אליין געזוכט אזא וויכטיגע געלעגענהייט?"

„דאס איז אמת, אבער דיא וואהרהייט איז, אז איך גלויב ניט, נאכדעם ווי איך וועל ענטדעקען דאס געהיימניס, אז מען וועט מיך אנערקענען דערפאר. איך בין דאך ניט קיין אפיציעלע פערזאן."

אבער ער בעט דאך אייך איהר זאלט איהם העלפען."

„יא, דאס איז וואהר, ווייל ער וויים, אז ער בענעטהיגט מיך. יעדענפאלס וועלען מיר צוגעהן א קוק טהון. איך וועל מיר ארבייטען פאר מיר אליין, און ווען איך וועל ניט האבען קיין אנדערע בעלוינונג, וועל איך זייא וועניגסטענס קענען צו לעטצט אויסלאכען פאר זייערע דומהייטען."

ער האט זיך אויפגעהויבען, אנגעצוינען זיין אויבער־ראק און געזאגט:

„נעהמט אייער הוט."

„ווילט איהר איך זאל אויך געהען?"

„יא, ווארום ניט. ווען איהר האט ניט עפעס בעסערעס צו טהון."

מיט א פאאר מינוטען שפעטער, האט אונז א דראשקע געפיהרט צו בריקסטאן ראאד.

עס איז געווען א נעבעלדינער מארגען. מיין קאמפאניאן האט אויסגעזעהען זעהר מונטער. ער האט געפלוידערט איבער פערשיעדענעס, נאר ניט איבער דעם געהיימניס.

„איהר זעהט גאר ניט אויס זיך צו אינטערעסירען מיט דער אנגעלעגענהייט," האב איך בעמערקט איהם אונטערברעכענדיג.

„ניין," האט ער געענטפערט. „ווארום זאל איך עס טהון? איידער מען שאפט זיך א טעאריע, איז עס בעסער מען זאל זיין בעקאנט מיט אלע איינצעלהייטען."

ענדליך האבען מיר געגרייכט בריקסטאן ראאד, אבער מיר זיינען ניט ארונטער געגאנגען גראדע בייא דער אנגעגעבענער אדרעסע, זאנדערן מיט א שטראסע פריהער, דארט האט האלמז אבגעשטעלט דיא דראשקע. מיר זיינען געגאנגען דעם איברינען וועג צו פוס.

נומער 3 לאריסטאן גארדענס, איז געוועז איינעס פון 4 עהנליכע הייזלעך, און אויף'ן פענסטער איז געהאנגען א צעטעל „צום פערדונגען."

איך האב גערעכענט, אז האלמז וועט באלד אריינלויפען אין הויז און זיך שנעל בעקאנט מאכען מיט דיא איינצעלהייטען. אבער אנשטאט דעם, האט ער

שפּאַצירט מיט אַ נאַכלעסיגער גלייכגילטיגקייט, געבליקט צו דיא בענאַכ־באַרטע הייזער, צום הימעל און צו דער ערד. יעדענפאַלס האָב איך אַבער בעמערקט, אַז ער שטודירט עפּעס.

ער איז אַ פּאָאַר מאָל געבליעבען שטעהן און אויפמערקזאַם בעטראַכט דעם באַדען, דעם טראָטואר, און דאַן האָט ער פּלוצלינג ארויסגעלאָזען אַ לייכטען פרײידענס־געשרייא.

נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צום הויז, און בייא דער טהיר האָט איהם בעגעגענט אַ הויכער בלייכער מאַן מיט אַ נאָטיץ־ביכעל אין האַנד, וועלכער איז ענטקעגען געלאָפען און איהם גערייכט דיא האַנד.

„עס פרייט מיך זעהר וואָס איהר זייט געקומען“, האָט דער מאַן געזאָגט, „איך האָב געלאָזען אַלעס אונבעריהרט“.

„אויסער איין זאַך“, האָט מיין פריינד בעמערקט צייגענדיג אויפ'ן צו־טריט צום הויז. „דאָ האָבען שוין אַזוי פיעלע געטרעטען, אַז עס זעהט אויס, דאָס אַ סטאַדע אָקסען זיינען דאָ געווען. איך וויל האָפען, גרענסאָן, אַז איהר האָט שוין געצויגען אייערע אייגענע שליסע, איידער איהר הט דאָס צו־געלאָזען.“

„איך האָב געהאָט אַזוי פיעל צו טהון“, הט גרענסאָן געענטפערט, „דאָ אין הויז, דאָס איך האָב געלאָזען מיין קאָלעגע לעסטראַד אַכטונג געבען אין דרויסען.“

האָלמז האָט מיך אָגעקוקט און אַ לייכטען ציה געגעבען מיט די אַקסלען.

„איך גלויב,“ האָט האָלמז אונטערדרעסען געזאָגט, „אַז נאָכדעם ווי אַזעלכע צוויי לייטע, ווי איהר און לעסטראַד, ארבייטען אין דיעזער אַנ־געלעגענהייט, האָט שוין קיין דריטער ניט וואָס צו טהון.“

גרענסאָן הט זיך געריבען די הענד מיט אַ זעלבסט־צופריעדענהייט און בעמערקט:

„מיר האָבען אַלעס מעגליכע שוין געטהאָן, און דיא וואַהרהייט איז, אַז דאָס איז אַ מערקווירדיגעס געהיימניס. מיר דאַכט, אַז איהר וועט זיך אויך דערמיט אינטערעסירען.“

„זייט איהר אַהער געקומען מיט אַ דראָשקע?“ האָט האָלמז פּלוצלינג געפרעגט.

„ניין.“

„לעסטראַה אויך ניט?“

„ניין.“

„דאן לאמיר אריינגעהען אין הויז נאכזעהען וואס דארט טהוט זיך.“

גרענסאן׳ס געזיכט האט אויסגעדריקט ערשטוינען, נאר האלמז האט מעהר ניט געווארט און איז פאראויס אריין אין צימער. איך בין נאכגענאנגען.

עס איז געווען א גרויסעם פיער־עקיגעס צימער. געגענאיבער דעם איינגאנג איז געווען א פייער־פלאטץ און אויף א קליינער פאליצע, אין א ווינקעל, האט זיך געקענט זעהען דער רעסט פון איין אויסגעברענטעס וואקס־ליכט.

מיינע אויגען זיינען פאר אלעמען געפאלען אויף דעם טויטען קערפער, וואס איז געלעגען אויף׳ן פוס־באדען. זיינע אויגען זיינען געווען אפען און האבען אויפ־געזעהען צו קוקען צו דער סטעליע. עס איז געווען א מאן פון א יאהר 43 אדער 44, פון מיטעלער סטאטור, ברייטע שולטער, עטוואס געקרייזעלטע האאר און א ניעדריג־געשווירענע בארד. ער האט געטראגען א גוטען שטאף־אנצוג מיט זעהר ווייסע מאנשעטען און קראגען. נעבען איהם איז געשטאנען א הארטער הוט אויף׳ן פוס־באדען.

זיינע הענד זיינען געווען אויסאנאנדער געשפרייט, זיינע פיסטען שטארק צוזאמענגעדריקט, און זיינע פיס צונויפגעדרעהט פון דעם טויטעס־קראמפף.

אויף זיין טויטעס געזיכט איז געווען אויסגעדריקט אזא שרעקליכע מיענע, וואס האט מיך אויפגעשוידערט. איך האב געזעהען גענוג שרעקליכע געזיכטער אויף׳ן שלאכט־פעלד, נאר זאוואס, האב איך ניט געזעהען.

וועהרענד דיעזע בעאבאכטונג, איז ערשיענען לעסטראד, און נאכדעם וויא ער האט מיין פריינד און מיך בעגריסט, האט ער בעמערקט:

„דיעזע געשיכטע וועט אויפריהרען לאנדאן. איך האב נאך קיינמאל אזא אנגעלעגענהייט ניט געהאט.“

„קיין שפור?“ האט גרענסאן געפרעגט.

„ניין,“ האט לעסטראד געענטפערט.

שערלאק האלמז איז צוגעגאנגען צום קערפער, ניעדערגעקניעט און איהם אויפמערקזאם בעטראכט.

„זייט איהר זיכער, אז עס איז נישטא קיין וואונד?“ האט ער געפרעגט, און דערזעלבער צייט צייגענדיג אויף דיא בלוט־פלעקען ארום.

„זיכער!“ האבען ביידע דעטעקטיווס געענטפערט.

„דאן בעלאנגט דיעזעס בלוט צו איין אנדערן — וואהרשיינליך צום מערדער, אויב א מארד איז בעגאנגען געווארען.“

האָלמז האט דאַן אָנגעפאַנגען מיט זיינע געשיקטע פינגער צו בעטאַפּען און עקזאמינירען דעם קערפּער פון אלע מעגליכע זייטען. ענדליך האט ער זיך צוגע־בויגען און געשמעקט צום טויטען'ס ליפּען. דאַן האט ער שטודירט זיינע פּאטענט־לעדער שיך.

„האט מען דעם קערפּער געריהרט?"

„נים מעהר וויא עס איז נעטהיג געוועזען פיר אונזער אונטערזוכונג."

„איהר קענט איהם שוין לאָזען אוועק פיהרען אין טויטען־הויז," האט האָלמז געזאָגט, „מען האט שוין אַלעס מעגליכע ערפאַהרען."

גרענסאָן האט געהייסען 4 פּאָליציסטען אריינברענגען א טראָג־בעטעל. וויא מען האט דעם קערפּער אויפגעהויבען פון דעם פוס־באָדען, האט זיך געהערט א קלונג. אין נעכסטען אויגענבליק האבען מיר בעמערקט א רינג זיך אוועק קייקלען. לעסטראַד האט דאס אויפגעהויבען און דערצו געקוקט ערשטוינט.

„דאָ איז געוועזען א פרוי!" האט ער געשריען, „עס איז א חתונה־רינג פון א פרוי!"

מיר האבען זיך אַלע ארום געשטעלט בעטראַכטען דעם רינג.

„דאס פערדונקעלט נאך מעהר דיא גאַנצע געשיכטע," האט גרענסאָן בע־מערקט.

„ווייט איהר זיכער, אז דאס גיבט קיין בעסערע אויפקלערונג?" האט האָלמז געפרעגט. „אָבער וואס קוקט איהר אזוי פיעל צום רינג? וואס וועט אייך דערפון ארויס קומען? זאגט בעסער, וואס האט איהר געפונען אין זיינע קעשענעס?"

„אַלעס האבען מיר דאָ ליעגען," האט גרענסאָן געענטפערט צייגענדיג אויף א ווינקעל, „א גאָלדענע אוהר, נומער 163, 97, פאבריצירט בייא באראָד, לאָנדאָן; א גאָלדענע אַלבערט קיים, זעהר שווער. א גאָלדענעם רינג מיט א פריימויערער אבצייכנונג. א קארטען־טעשעל פון רוסישער לעדער, מיט קארטען פון ענאָק דזש. דרעבבער, פון קליוולאנד, וועלכעס שטימט מיט דיא בוכשטאבען אויף זיין וועש ע. דזש. ד. קיין געלד־טאשע, בלויז געלד אין דער סומע פון 7 פונט מיט 14 שיללינג. א ראָמאַן מיט דעם נאמען דזשאָזעף סטאנגערסאָן, אויפגעשריעבען צווייא בריעף, איינער אדרעסירט צו ע. דזש. דרעבבער און איינער צו דזשאָזעף סטאנ־גערסאָן."

„אויף וואס פאר איין אדרעסע?"

„אמעריקען עקסטשיינדזש סטראנד האָטעל, וויא זאָלען וואַרט בלייבען ביז מען וועט זייא קומען אבהאָלען. ביידע בריעף זיינען פון דער גיאָן דאמפף־שיף

קאָמפּאַניע און געבען בלויז ערקלערונגען איבער דעם אָברייזען פון שיפען פון ליווערפּול. עס שיינט, אז דיזער אונגליקליכער, האט בעדארפט אָדער געוואָלט אָברייזען נאך ניו יאָרק."

„האט איהר עפּעס נאכגעפרעגט איבער סטאַנגערסאָן?"

„איך האב עס זאָפאָרט געטהאָן," האט גרעגסאָן געענטפערט, „איך האב אַנאָנסירט אין דיא צייטונגען און איך האב אויך געשיקט מיינעם א דעטעקטיו נאכפרעגען אין דער דאמפף־שיף קאָמפּאַניע, אָבער ער איז נאך ניט צוריק גע־קומען."

„האט איהר טעלעגראַפירט נאך קליוולאַנד?"

„יא, היינט אין דער פריה."

„אויף וועלכער אַרט האט איהר נאכגעפרעגט?"

„מיר האבען איינפאך בעשריעבען דיא אומשטענדען און פערלאַנגט עפּעס איין ערקלערונג."

„האט איהר נאך עפּעס געפרעגט?"

„יא, איבער סטאַנגערסאָן."

„ווייטער גאר ניט? אינטערעסירט אייך מעהר קיין זאך? ווילט איהר נאך אמאל טעלעגראַפירען?"

„איך האב אַלעס געטהאָן וואס מען האט בעדארפט," האט גרעגסאָן גע־ענטפערט אביסעל בעליידיגט איבער אזוי פיעלע פראַגען.

וועהרענד דעם איז לעסטראַד צוגעקומען און זעהר א צופריעדענע מיענע האט זיך געוויזען אויף זיין געזיכט.

„העהר גרעגסאָן," האט ער געזאָגט, „איך האב נאָר וואס געמאַכט א וויכטיגע ענטדעקונג, וועלכע מיר האבען ליידער פערזעהען ביי אונזער ערשטער אונטערזוכונג."

ער האט אונז אַלע צוגעפיהרט צו א דונקלען ווינקעל, אַנגעצונדען א שוועב־עלע, און צייגענדיג מיט'ן פינגער, האט ער געזאָגט:

„זעהט דאָרט!"

דאס פּאַפּיר פון דער וואַנט איז געוועזן אויפגעריסען, און אויף דער הוילער וואַנד, האבען ארויס געבליטצט 5 רויטע בוכשטאַבען, אָהנע צווייפעל פון בלוט, זייא האבען אזוי געלויטעט:

**RACHE**

„וויא געפעלט אייך דאס?" האט ער געפרעגט. „איך צווייפעל ניט, אז דער מערדער האט דאס אויפגעשריעבען מיט זיין אייגענעם בלוט. יעצט, מערקט דאָ ווייטער, וויא בלוט האט ארונטער געקאפּעט איבער דער וואנט. דאס בעווייזט גאנץ דייטליך, אז דיא טהעאָריע, פיעלל‍ייכט האט דרעבבער בעגאנגען זעלבסט מאָרד, איז פאלש."

„אָבער וואס בעדייטעט דאס, נאכדעם וויא איהר האט דאס שוין אויסגע־פונען?" האט גרענסאָן געפרעגט.

„וואס דאס בעדייטעט? אָט וועט איהר הערען: דער שרייבער האט בע־אבזיכטיגט אויפצושרייבען דעם פרויען נאמען RACHEL (ראכעל) און אזוי וויא מען האט איהם אונטערבראָכען, האט ער ניט געענדיגט און איז געבליעבען בייא RACHE (ראכע.) מערקט זיך גוט, ווען דיזעס געהיימניס וועט אמאל ענטדעקט ווערען, וועט איהר זעהען, אז א פרויענצימער מיט דעם נאמען ראכעל, שפּיעלט דאָ א גרויסע ראָלע. איהר מעגט לאַכען, הערר שערלאָק האָלמז, איהר וועט דאן איינזעהען, אז איך האב רעכט."

„ענטשולדיגט מיר," האט האָלמז געזאָגט זיך קוים איינהאלטענדיג פאר געלעכטער. „איהר פערדיענט געוויס אכטונג פאר דיזער ענטדעקונג, אָבער איהר איילט זיך שנעל מיט אייערע ערקלערונג. יעטצט וועל איך אויך אונטערזוכען דאס צימער, וועלכעס איך האב נאך בעאבזיכטיגט פריהער צו טהון."

אזוי רעדענדיג האט ער ארויס געצויגען א פערגרעסערונגס גלאָז און א יארד־מעסטער פון דער קעשענע. מיט דיזע צווייא אינסטרומענטען האט ער אָנגע־פאנגען א טיכטיגע אונטערזוכונג, קניענדיג, זיך אויסציהענדיג, בליקען און מעסטען. ער איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיין בעשעפטיגונג, דאס ער האט אויסגעזעהען אין גאנצען צו פערגעסען אין אונזער געגענווארט, דען ער האט געמאכט ווילדע גרימאסען, געשמייכעלט, געברומט און געמורמעלט צו זיך אליין. צום שלוס האט ער דורכשטודירט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט דיא 5 בוכשטאבען.

דאַן האט ער זיך אומגעקוקט און אויף זיין געזיכט, האט זיך געזעהען א צופריעדענער שמייכעל.

„אלזאָ, וואס דענקט איהר דאריעבער?" האבען דיא צווייא רעטעקטיווס איהם געפרעגט.

„איך וויל האָפען," האט ער געענטפערט. „אז איהר, מיט אייער פעהיגקייט, וועט אליין ערגרינדען דאס געהיימניס. יעדענפאלס, וועל איך אייך זעהר דאנקבאר

זיין, ווען איהר וועט מיר מיטטהיילען, איבער דעם פּאָרטשריט פון אייער ארבייט. פאָרלויפיג בין איך זעהר נייגיערינ צו זעהען דעם פּאָליציסט, וואס האט געמאכט די ערשטע ענטדעקונג. קענט איהר מיר פיעלליכט געבען זיין נאמען און אדרעסע?"

לעסטראד האט ארויס גענומען זיין נאָטיץ־בוך און געענטפערט:

„דזשאהן ראנס איז זיין נאמען. יעטצט איז ער ניט אין דיענסט. איהר קענט איהם אָבער טרעפען אין 46 אָדליקאָרט, קענינגטאָן פארק גייט."

האָלמז האט זיך דאס פערצייכענט.

„קומט, דאָקטאָר," האט ער צו מיר געזאָגט, „מיר וועלען געהען אויפזוכען דעם פּאָליציסט. און צו אייך, מיינע העררען," האט ער געזאָגט זיך אומווענדענדיג צו די 2 דעטעקטיווס, „מאך איך בעקאנט, אז עס איז ניט דער מינדעסטער צווייפעל, דאס א מאָרד איז בעגאנגען געוואָרען. דער מערדער איז געווען א מאן. נאך מעהר, ער איז איבער 6 פוס הויך, אין זיין מיטעלער יוגענד, ער האט קלענערע פיס לויט זיין הויכקייט. ער האט געטראָגען שיך מיט ברייטע שפּיטצען, און גע־רויכט א טרישינאפּאָלי ציגאר. ער איז אהער געקומען מיט זיין אָפּפער אויף א דראָשקע מיט 4 רעדער, און דאָרט איז געווען איינגעשפּאנט איין פערד, וועלכעס האט געהאט 3 אלטע פּאָדקאָוועס און איינע א נייע. נאך אלע וואהרשיינליכקייטען, האט דער מערדער געהאט א רויטעס געזיכט און די פינגער־נעגעל פון זיין רעכטער האנד, זיינען אונגעוועהנליך לאנג. דיעזע זיינען עטליכע קליינינקייטען, און איך וויל האָפען, אז דאס וועט אייך העלפען צו אייער ארבייט."

„לעסטראד און גרענסאָן האבען זיך אָנגעקוקט מיט איין אונגלויבליכען שמייכעל.

„יא, ריכטיג," האט לעסטראד אויסגערופען, „ווען דיעזער מאן איז ער־מאָרדעט געוואָרען, וויא איהר בעהויפּטעט, וויא אזוי, אלזאָ, איז דאס גע־שעהען?"

„דורך גיפט," האט ער קורץ געענטפערט. „נאך איין זאך, הערר לעסטראד, מוז איך אייך בעמערקען, אז די בוכשטאבען RACHE זיינען ניט וויא איהר מיינט, דער אונגעענדיגטער נאמען ראבעל, פון פריילין ראבעל, זאָנדערן עס איז דאס דייטשע וואָרט ר א כ ע און בעדייטעט נקמה. יעטצט פערשטעהט איהר מיך?"

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועק, צוריק לאָזענדיג די 2 דעטעקטיווס ערשטוינט און איבערראשט.

4.

## וואס דזשאָהן ראַנס ווייס.

עס איז געווען אום 1 אוהר, ווען מיר זיינען אוועק פון נומ. 3 לאָריסטאָן גארדענס. שערלאָק האָלמז איז מיט מיר פריהער צוגעגאנגען צו א טעלעגראַף־סטאציאָן און אָבגעשיקט א לאנגע טעלעגראמע. דאן האט ער צוגערופען א דראָשקע און אונז געהייסען צו פיהרען צו דער אדרעסע וואס לעסטראד האט געגעבען.

„וואס איך האב געוואָלט וויסען, ווייס איך שוין,“ האט ער צו מיר געזאָגט, „אָבער יעדענפאָלס איז אימער בעסער, ווען מען געהט זיכערער צו ווערק.“

„האָלמז, איהר איבערראשט מיך,“ האב איך געזאגט. „ווירקליך, איהר זייט דאָך ניט אזוי זיכער וויא איהר בעהויפּטעט?“

„ניין, איך האב קיין אירטהום,“ האט ער געענטפּערט. „צום ערשטען האב איך בעמערקט, אזוי וויא איך בין נאָר געקומען, אז דאָרט איז געווען א דראָשקע און האט געמאכט צווייא שפּורען מיט דיא רעדער. ביז לעטצטע נאכט, האבען מיר א גאנצע וואָך צייט, ניט געהאט קיין רעגען, און דאס בעווייזט, אז דיא רעדער האבען דאָרט געמאכט דיא צייכענס, וועהרענד אָדער נאך דעם רעגען. איך האב גוט שטודירט דיא טריט פון דעם פערד, און גאנץ גענוי בעמערקט, אז איין פּאָדקאָווע האט געמאכט א שארפערן איינדרוק וויא דיא איבריגע דרייא, און דאס בעווייזט, אז דיעזע פּאָדקאָווע איז געווען א נייע. דער טויטער האט זיך געוויס אליין ניט געבראכט אהין. מיט איהם איז נאך געווען איינער.“

„דאס איז שוין גאנץ ריכטיג,“ האב איך בעמערקט, „אָבער וואס איז דאס וואס איהר האט אזוי גענוי אויסגערעכענט דעם אנדערן מאַן׳ס הויכקייט?“

„זעהט איהר, דאס איז גאר איינפאך. דיא הויכקייט פון א מאַן, קען מען אורטהיילען בייא 9 פעלע אונטער 10, ווען מען שטודירט וויא גרויס זיין שפּאן איז. איך האב דאס גענוי אויסגעמאָסטען, אין שטוב וויא אויך אין דרויסען. אָבער דאס איז נאך ניט אלעס. איך האב מיך נאך בעסער איבערצייגט וועגען זיין הויכקייט, ווען איך האב בעמערקט דיא שריפט אויף דער וואנט, און א מענש, שרייבענדיג אויף א וואנט, האט דיא טבע צו שרייבען אקוראט געגענאיבער זיין קאָפּ. דיא שריפט איז געווען אקוראט 6 פוס הויך.“

„און וויא אזוי ווייסט איהר וויא אלט ער איז?" האב איך ווייטער נע־פרעגט.

„ווען א מאן קען מאכען א שפּאן, אָהן אנשטרענגונג אויף 4 און א האלבען פוס, דאן איז ער בייא דיא פולע יוגענד קרעפטען. דאס אלעס איז בלויז א קליינער חשבון אָהן געהיימניסע. האט איהר נאך עפּעס צו פרעגען?"

„יא, איבער דיא פינגער־נענעל און דיא טריטשאנאָפּאָלי ציגאר."

„דיא שריפט אויף דער וואנט איז געמאכט געוואָרען מיט דעם צייגע־פינגער איינגעטונקט אין בלוט. מיין פערגרעסערונגס־גלאָז האט מיר דייטליך געוויזען, אז דיא וואנט איז געוועזן צוקראצט, און דאס האט אנדערש ניט געקענט זיין, סיידען דער שרייבער האט געהאט א גרויסען נאָגעל. דערבייא האב איך בעמערקט אויף דער ערד ביסלעך פרישע טאבאק־אש, און פון מיין לאנגער ערפאהרונג, האב איך גלייך דערקענט, אז דאס איז פון א טריטשאנאָפּאָלי ציגאר. איך האב געמאכט אזא שטודיום דאריבער, דאס איך בין אימשטאנדע צו זאגען פון אירגענד א ציגאר־אש, וואס פאר א טאבאק עס איז גערויכערט געוואָרען."

„און וואס הערט זיך עפּעס איבער דעם רויטען אָדער פערפלאטטען גנוי..ט?" האב איך געפרעגט.

„דאס איז מעהר געווען א טרעפען, אָבוואָהל איך בין זיכער, אז איך האב קיין טעות ניט געהאט. איבריגענס, פרעגט מיך יעטצט מעהר ניט דא־ריעבער."

איך האב מיר געריבען מיין שטערן און בעמערקט:

„מיר רוישט מיין קאָפּ וויא א מיהל. וואס מעהר איך דענק נאך, אלץ גע־היימניספאָלער ערשיינט מיר אלעס. אויב עס זיינען געווען צווייא מענער, וויא אזוי קומען זייא אין א לעערעס צימער? וואס איז געוואָרען פון דעם טרייבער? וויא קען איין מאן צווינגען דעם צווייטען צו נעהמען גיפט? וואס פאר א בלוט איז דאס געווען? וואס פאר איין אבזיכט האט געהאט דער מערדער, ווען קיין רויב איז בעגאנגען געוואָרען? ווער איז דער פרויען־רינג? איבערהויפּט, צו וועלכען צוועק האט דער מערדער אויפגעשריעבען דאס דייטשע וואָרט „ראכע" איידער ער איז אוועק? איך בין מודה, אז איך זעה אבסאָלוט קיין אויסוועג פון אזוי פיעלע פערדרעהענישען."

האָלמז האט געשמייכעלט.

„איהר מאכט א סך־הכול אויסגעצייכענט," האט ער געזאָגט. „דאס איז וואהר, עס זיינען דאָ נאך פיעלע דונקלע שטעלען. איך האב מיר פאָרלויפיג נאר

נעמאכט איין אויבערפלעכליכען בעגריף. וואס עס אנבעלאנגט לעסטראד'ס ענט־דעקונג פון דעם דייטשען וואָרט, איז דאס נאָר געווען, אום אוועק צו פיהרען דיא פּאָליצייא אויף א פאַלשער שפּור, זייא צו מאכען גלויבען, אז דאס איז דיא טהאַט פון עפּעס א געהיימער געזעלשאַפט. דאן בעהויפּטע איך, אז ניט קיין דייטש האט בעגאַנגען דעם מאָרד. דער בוכשטאַב A, לויט וויא איהר האט בעמערקט, איז אפילו יא נעמאכט געוואָרען וויא אין א דייטשער האנדשריפט, אָבער איך האב מיך צוגעקוקט און בעמערקט, אז דאס איז נאָר געווען א נאכקרומעניש. יעטצט, דאָקטאָר, וועט זיין גענוג, מעהר וועל איך ניט רעדען דאריבער. עס וועט זיין אינטערעסאנטער שפּעטער, ווען איהר וועט אלעס ערפאַהרען. אין דערזעלבער צייט, זאָג איך אייך, אז איהר וועט זיך אויף איבערציינען, אז איך בין מעהר ניט וויא א פּראָסטער בשר־ודם."

„ניין, ניין," האב איך פּראָטעסטירט. „וואס איך האב ערפאהרען ביז יעטצט, איבערציינט מיך, אז איהר האט געבראַכט דיא דעטעקטיוו־קונסט אויף א ריינעם וויסענשאפטליכען באָדען. דיא גאַנצע וועלט וועט אייך דאנקבאר זיין דאפיר."

מיין קאָמפּאַניאָן איז רויט געוואָרען, גראדע וויא דער פאַל איז מיט איין אונשולדיגעס מעדכען, ווען מען מאכט א בעמערקונג איבער איהר שעהנ־הייט.

„איך וועל אייך זאָגען," האט ער געענטפערט, „דער מאַן מיט פאַטענט־לעדער שיך און דער אנדערער מיט דיא ברייטע שפּיטצען שיך, זיינען געקומען צוזאמען אין דער דראָשקע, און דאן האבען זייא געשפּאצירט אין זעהר א רוהיגער ארט צוזאמען. ווען זייא זיינען אריין אין הויז, האט דער מיט דיא פאטענט־לעדער שיך זיך אָבגעשטעלט און דער אנדערער האט שפּאצירט הין־און־צוריק זעהר אונ־רוהיג. דאס אלעס קען איך לעזען אין דיא שפּורען אויף'ן פוס־באָדען. עס שיינט, אז ער האט וועהרענד דעם גערעדט און זיך אויפגערעגט. דאן האט שטאַטגע־פונדען דיא טראַגעדיע. איך האב אייך ביז יעטצט דערצעהלט אלעס וואס איך ווייס, אלעס איבריגע איז פערנוטהונגען."

דיא דראָשקע איז געבליעבען שטעהען, מיר האבען אָבגעשטיגען, און נאך איינינע נאכפראַגען, האבען מיר ערפאהרען, אז דער פּאָליציסט איז נאך אין בעט.

דיא הויז־פרוי האט אונז אריינגעשיקט אין א פראָנט־צימער ווארטען. מיט א קורצע צייט שפּעטער, איז ראַנס ערשיענען, און אויף זיין געזיכט איז געלעגען א

מיענע פון אינצופריעדענהייט, דערפאר וואס מען האט איהם נעשטערט פון שלאף.

„איך האב שוין איינמאל אבגעגעבען מיין בעריכט,“ האט ער געברומט נאכדעם וויא ער האט ערפאהרען צו וועלכען צוועק מיר זיינען געקומען.

האלמז האט ארויס גענומען א האלבען סאווערן פון זיין קעשענע און זיך מיט איהם געשפיעלט און זיינע הענד.

„מיר האבען גערעכענט,“ האט ער דערוויל געזאגט, „אז עס וועט זיין אסך בעסטען דאס צו הערען פון אייער מויל אליין.“

„איך וועל אייך אלעס דערצעהלען וואס איך וויים,“ האט ראנס געענטפערט בערוהיגט, בליקענדיג אויף דער גאלדענער מטבע.

„זעהר גוט. איך וויל בלויז הערען וואס עס האט פאסירט.“

„עס איז אזוי געווען,“ האט ראנס אנגעפאנגען זיך זעטצענדיג. „מיין צייט איז פון 10 אוהר בייא נאכט ביז 6 אוהר אין דער פריה. אום 11 אוהר האט שטאטגעפונדען א געשלעג אין ווהייט האלל; אבער אויסער דעם איז געווען גאנץ רוהיג. אום 1 אוהר האט אנגעפאנגען צו רעגנען, און גראדע דאמאלס איז מיר ענטקעגען געקומען דער פאליציסט הארי מוירטשער. מיר האבען צוזאמען ארונטער שפאצירט ביז העגריעטא סטריט. אונגעפעהר אום 2 אוהר, אדער אביסעל שפעטער, בין איך ארונטער געגאנגען בריקסטאן ראאד, אום נאכזעהען וואס דארט טהוט זיך. אלעס איז געווען אין בעסטער ארדנונג, און קיין זעלע האט זיך גע־ריהרט. צוריק געהענדיג מיט מיין קאמפאניאן, האב איך פלוצלינג בעמערקט א ליכט אין דעם לעערען הויז. דאס האט מיך ערשטוינט, און איך האב בעשלאסען צו מאכען איין אונטערזוכונג....“

„איין אויגענבליק,“ האט איהם האלמז אונטערבראכען. „איהר זייט גע־בליעבען שטעהען און דאן צוריק געגאנגען. צו וועלכען צוועק האט איהר דאס גע־טהאן?“

ראנס האט וויא אונטערגעשפרונגען און אין ערשטוינען האט ער אויסגע־שריען:

„דאס איז וואהר! אבער פון וואנען האט איהר דאס ערפאהרען? ווירקליך, איך האב יעטצט קיין אהנונג, ווארום איך האב דאס געטהאן. עס איז אזוי געווען: וויא איך בין צוגעגאנגען צו דער טהיר, האב איך מיך געשפירט וויא איינזאם, און איך האב געוואלט האבען נאך יעמאנדען מיט מיר. דאס גלויב איך, איז פיעל־

לייכט נעווען דיא אורזאכע, וואס איך האב מיך צוריק נעקעהרט, ווייל איך האב נעוואָלט זעהען מוירטשער'ן, אָבער ער איז שוין נעווען פערשוואונדען."

„און אויף דער גאס איז קיינער ניט נעווען?"

„קיין לעבעדינע זעעלע. דאַן בין איך צוריק נעגאנגען אליין און נעעפענט דיא טהיר. אַלעס איז געווען רוהיג, און א וואקס־ליכט האט נעהאַלטען אין אויס־נעהען איבער דעם פייער־פּלאַטץ..."

„דאס ווייס איך," האט האָלמז נעזאָגט, „איך ווייס אויך וואס איהר האט נעטהאָן. איהר זייט צונעגאנגען צום קערפּער, ניעדערגעקניעט, און נאכדעם זייט איהר אריין דורך דער קיך־טהיר ..."

דזשאהן ראַנס איז אויפנעשפּרונגען. אויף זיין נעזיכט איז נעלעגען שרעק און א פּערדעכטינע מיענע.

„וואו זייט איהר נעווען בעהאַלטען דיא גאנצע צייט?" האט ער נעפרענט. „וויא עס שיינט ווייסט איהר אַלעס נאך צו גוט."

האָלמז האט נעלאכט, און ארויס נעהמענדיג זיין וויזיט־קארטע, האט ער זיא אוועק נעלייגט אויף'ן טיש.

„איך האָף," האט האָלמז נעזאגט לאבענדיג, „אז איהר האט שוין פון מיר נעהערט, און איהר וועט מיך ניט ארעטירען פיר דעם מאָרד. יעטצט, דערצעהלט וואס ווייטער איז נעווען?"

ראַנס האט זיך נעזעטצט און נעענטפערט:

„איך בין ארויס אויף דער גאס, נענעבען א סיגנאל, און דאס האט נעבראכט מוירטשער'ן מיט נאך צוויא אנדערע."

„איז זאָנסט קיינער מעהר ניט נעווען אויף דער גאס?"

„יא, אָבער דאס האט ניט צו טהון מיט דער נעשיכטע."

„וואס מיינט איהר?" האט האָלמז נעפרענט פעראינטערעסירט.

„גראָדע דאמאלס," האט ראַנס ערקלערט, „האב איך בעמערקט צוקומענדיג א שיכור, וועלכער האט נעזונגען אין א ווילדער בעזויפענהייט דאס אמעריקאנישע ליעד „דהי ספּענגל־נעלד באנקער". ער איז קוים נעשטאנען אויף דיא פיס."

„וויא האט ער אויסנעזעהען?"

„זעהר בעזויפען, און זיין גליק איז נעווען, וואס מיר זיינען נעווען בעשעפטיגט, זאָנסט וואָלט איך איהם ארעטירט."

„אָבער וויא האט אויסנעזעהען זיין נעזיכט, זיין קליידונג — האט איהר דאס ניט בעמערקט?" האט האָלמז נעפרענט אוננעדולדיג.

„איך האב דאס גראדע בעמערקט, ווייל איך און מוירטשער האבען איהם צונעהאלטען ער זאָל ניט אומפאלען אין דער בלאָטע. ער איז געווען איין אונגע־וועהנליך הויכער מאַן, מיט א רויטעם פערפלאָמטעם געזיכט און...“

„גענוג, גענוג!“ האט האָלמז אויסגעשריען. „וואס איז פון איהם גע־וואָרען?“

„וויא איך האב אייך שוין געזאגט, האבען מיר קיין צייט ניט געהאט זיך אָבצוגעבען מיט איהם און איהם געלאָזט געהען.“

„וויא האבען אויסגעזעהען זיינע קליידער?“

„ער האט געטראָגען א ברוינעם אויבער־ראָק.“

„האט ער געהאט א בייטש אין האנד?“

„א בייטש — ניין.“

„ער האט דאס געמוזט צוריק לאָזען,“ האט האָלמז געמורמעלט. „האט איהר ניט געזעהען אָדער געהערט נאכדעם פון א דראָשקע?“

„ניין.“

„דאָ האט איהר א האלבען סאָווערן,“ האט האָלמז געזאָגט און זיך אויפ־געהויבען צו נעהמען זיין הוט. „עס מהוט מיר לייד, ראנס, איך האב מורא, אז איהר וועט קיינמאל קיין פאָרטשריטע ניט מאכען אלס פאָליציסט. איהר בעניטצט ניט אייער פערשטאנד וויא עס דארף צו זיין. דיעזען מאַן וואס איהר האט צוגע־האלטען ער זאָל ניט פאלען אין דער בלאָטע, ער איז דיא שפור צום געהיימניס, איהם זוכען מיר. אָבער גענוג; קומט, דאָקטאָר.“

זיך אויפזעטצענדיג צוריק אויף דער דראָשקע, האט האָלמז בעמערקט ער־ביטערט:

„דער אידיאָט! שטעלט זיך פאָר, ער האט געהאלטען דאס גליק אין דער האנד, געקענט דערפאר ווערען פאָליציייא־סערזשענט, און ניט געוואוסט פון זיין חיות.“

„איהר איבערראשט מיך, האָלמז,“ האב איך געזאָגט. „עס איז וואהר, אז זיין בעשרייבונג פון דעם מאַן, שטימט מיט אייערע, אָבער דיא פראגע איז: צו וואס איז ער צוריק געקומען?“

„צו וואס? ער האט געמוזט צוריק קומען! ער איז געקומען זוכען דעם רינג. יא, דער רינג איז א וויכטיגע זאך אין דיעזער אנגעלעגענהייט. איהר הערט, דאָקטאָר? איך וועל איהם פאַקען! איך וועט אייך צוויא צו איינס דארויף

ער וועט אליין צו אונז קומען! פּאַרלוּיפיג, ביז איך טויט־הונגריג, איך מוז עסען!"

איך האב צו איהם נעבליקט ערשטוינט, אָבער גראַדע דאמאלס איז ער נע־וואָרען נאכדענקענד, און איך האב מעהר קיינע פראַגען געשטעלט.

5.

## אונזער אַנאָנסע ברענגט אַ בעזוכער.

דיא אנשטרענגונג פון דעם טאָג, האט פיעל געווירקט איבער מיין שוואכער געזונדהייט, און איך האב מיך געשפּירט זעהר מיעד. הָאלמז איז אונטערדעקען אוועק אין דער אָפּערא. איך האב פּראָבירט צו שלאָפען, אָבער איך האב ניט געקענט. אלע איינצעלהייטען זיינען פאַר מיר ערשיענען מיט דער גרעסטער דייט־ליכקייט, און וואס מעהר איך האב נאכגעקלערט איבער דיעזען מאָרד־געהי טניס, אלץ אונפערשטענדליכער איז מיר אלעס געוואָרען.

ענדליך האט דיא נאַטור געזיעגט, און שפּעט אין דער נאַכט, האב איך איינגעשלאָפען, ניט הערענדיג, ווען הָאלמז האט צוריק געקעהרט. אויף'ן אנדערן טאָג, האב איך בעמערקט א רוהיגע מיענע אויף זיין געזיכט, וואס האט מיר געזאגט אז ער האט שוין געפּאַסט א פּאָזיטיוועז בעשלוס איבער דעם געהייטניס.

„וואס איז, דאָקטאָר," האט ער געפרעגט גאַנץ מונטער, „איהר פיהלט עפּעס ניט גוט? מיר דאַכט, אז דער מאָרד פון בריקסטאָן ראַאד האט אויף אייך געווירקט?"

„דאס איז וואהר," האב איך געענטפערט. „נאכדעם וויא איך האב דורכ־געמאכט א קריעג אין אפגאניסטאן, וואָלט איך בעדארפט זיין אביסעל מוטהיגער. נאָר דער אמת איז, אז קיין טויטער האט איבער מיר אזא איינדרוק געמאכט וויא דרעבבער."

„איך בעגרייף," האט ער געזאגט. „דאס געזיכט פון דיעזען טויטען, איז אימשטאנדע צו ווירקען אויף דיא שטאַרקסטע נערווען. דיעזער שוידערהאפטער אויסדרוק, בייא זיינע לעטצטע מינוטען אין לעבען, האט א געוויסע בעדייטונג. אָבער, וויא דיא זאך איז, האט איהר שוין געלעזען דיא נאכמיטאג צייטונגען?"

„ניין."

„דאָרט ווערט געגעבען א גאַנץ גענויער בעריכט איבער דעם פאַל. איין זאך פרייט מיך, וואס דאָרט ווערט ניט ערוואָהנט איבער דעם רינג."

„ווארום?“

„זעהט נאָר דיעזע אַנאָנסע,“ האָט ער געזאָגט. „איך האָב עס היינט פריה אריינגעשיקט אין יעדער צייטונג.“

ער האָט מיר געבראַכט א צייטונג און איך האָב געלעזען:

„געפונען אין בריקסטאָן ראָאַד איין איינפאַכען גאָלדענעם הייראַטהס־רינג. נאָכצופרעגען ביי דר. וואַטסאָן, אין 221 בייקער סטריט, צווישען 8 און 9 אוהר הייטע אָבענד.“

„ענטשולדיגט מיר וואָס איך האָב מיך בעדיענט מיט אייער נאָמען,“ האָט האָלמז געזאָגט. „מיין נאָמען האָט דאָ ניט בעדאַרפט דערמאָהנט ווערען.“

„דאָס איז שוין ריכטיג,“ האָב איך בעמערקט, „אָבער וואָס וועט איהר טהון ווען יעמאַנד וועט ווירקליך קומען פאָדערן דעם רינג?“

„נו, וועט איהר איהם געבען. איך האָב געלאָזען נאָכמאַכען איין עהנליכען.“ דערביי האָט ער מיר דערלאַנגט א רינג.

„און ווער דענקט איהר וועט ענטפערן אויף דיעזער אַנאָנסע?“

„ווער? דער מאַן מיט דעם ברוינען אויבער־ראָק. עס וועט זיין אונזער פריינד מיט דעם רויטען געזיכט און מיט ברייט־שפּיטציגע שיך. ווען ער וועט אליין ניט קומען, דאַן וועט ער שיקען א מיטשולדיגען.“

„וועט ער ניט בעטראַכטען דיעזען שריט אלס געפעהרליך?“

„ניין, און אויב מיין רעכנונג איז ריכטיג, דאַן וועט דער מאַן ריזיקירען אירגענד א געפאַהר און ערשיינען. ער מוז האָבען דעם רינג, ווייל ער איז ביי איהם טהייער. לויט וויא איך דענק, האָט ער איהם פערלוירען נעבען דרעבבער׳ס קערפּער, און ערשט נאָכדעם וויא ער איז ארויס פון דעם צימער, האָט ער ענטדעקט דעם פערלוסט. צוריק קעהרענדיג נאָך דעם רינג, האָט ער שוין דאָרט געטראָפען דיא פּאָליציא. ער האָט זיך אַלזאָ געמאַכט שיכור אום ניט צו צוציהען קיין בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אָבער נאָך אַלעמען, איז ער ניט זיכער געווען וואו דער רינג קען זיין, און ער האָט אויך געקענט רעכנען, אז ער האָט איהם פערלוירען אין דרויסען. ער האָט אַלזאָ געמוזט דורכקוקען דיא צייטונגען אין דער האָפנונג, פיעל־לייכט האָט איהם יעמאַנד געפונען און אַנאָנסירט דאַריבער. אויב אזוי, האָט ער שוין מיין אַנאָנסע געלעזען. וואָס האָט ער מורא צו האָבען? יאָ, יאָ, ער וועט קומען; ער מוז קומען! אין א שטונדע צייט וועט איהר איהם זעהען!“

„און דאַן?“ האָב איך געפרעגט.

„דאַן וועט איהר איהם לאָזען צו מיר. האָט איהר עפּעס געוועהר?“

„יא, איך האב איין ארמעע רעוואָלווער."

„דאס איז גוט. האלט דעם רעוואָלווער פערטיג געלאדען. ער איז א געפעהר־ליכער מענש. אָבוואָהל איך רעכען איהם צו פאסען אונערוואַרטעט, דאָך איז עס גוט צו זיין פאָרבערייטעט."

איך בין אריין אין מיין צימער, אָנגעלאדען דעם רעוואָלווער, און ווען איך בין צוריק געקומען, איז האָלמז געזעסען און געשפּיעלט אויף זיין פידעל.

„דיא געשיכטע ווערט געהיימניספאָלער," האט ער צו מיר געזאגט אויפ־הערענדיג צו שפּיעלען. „איך האב נאָר וואס ערהאלטען א טעלעגראמע פון אמעריקא. מיינע אנזיכטען זיינען אונטערדעסען געוועזען ריכטיג."

„און וואס הערט זיך?" האב איך געפרעגט נייגיעריג.

„וואס עס הערט זיך? יא, מיין פידעל בענעטהיגט זעהר נייע סטרונעס. לייגט אריין דעם רעוואָלווער אין קעשענע. ווען דער מאַן ערשיינט, דאַן זאָלט איהר צו איהם רעדען גאנץ געוועהנליך. דאס איבריגע לאָזט צו מיר. איהר זאָלט איהם וועניגער אויפמערקזאם בעטראַכטען."

„עס איז שוין 8 אוהר," האב איך געענטפערט, בליקענדיג אויף'ן זייגער.

„יא. ער וועט וואהרשיינליך דאָ זיין אין אייניגע מינוטען ארום. מאכט אויף אביסעל דיא טהיר. גוט, גוט, דאס איז גענוג. יעטצט שטעקט אריין דעם שליסעל פון אינוועניג. ריכטיג, איך דאנק אייך."

דאַן האט ער ווידער געשפּיעלט. נאָך איידער איך האב צייט געהאט זיך רעכט ארום צו קוקען, האט יעמאנד געגעבען א שארפען קלונג. האָלמז האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, צוגערוקט זיין בייגקעל צו דער טהיר און זיך געזעצט. מיט עטליכע סעקונדען שפּעטער, האט זיך געהערט א קלאפּ אין טהיר, און, צו אונזער איבערראשונג, איז אנשטאט א מאַן, ערשיענען איין אלטע פרוי. אין א פיינער אָבער שארפע שפּראכע, האט זיא געזאָגט:

„איך האב געלייענט אין צייטונג, אז איהר האט געפונען א גאָלדענעם הייראטהס־רינג אין בריקסטאַן ראָאד. עס איז מיין טאָכטער'ס, סאלליי'ס, וועלכע האט חתונה געהאט פאר יאָהרען און איהר מאַן איז אויף א שיף. אוי! ווען ער זאָל אהיים קומען און ניט טרעפען דעם רינג, איז זיא אונגליקליך! נעכטען בייא נאכט איז זיא געוועזען אין צירקוס, און...."

„איז דאס דער רינג?" האב איך געפרעגט זיא אונטערברעכענדיג.

„געלויבט איז גאָט!" האט אויסגעשריען דיא אלטע. „סאללי וועט היינט זיין דיא גליקליכסטע פרוי. דאס איז דער רינג."

„און וואו וואוינט איהר?" האב איך געפרעגט.

„אין 13 דאַנקאַן סטריט, האָנדזדיטש. זעהר ווייט פון דאנען."

שערלאָק האָלמז האט זיך אומגעקוקט און געזאָגט:

„צווישען בריקסטאָן ראָאד און האנדזדיטש, געפינט זיך קיין איינציגער צירקוס."

דיא אלטע פרוי האט זיך אומגעקוקט און צוגעוואָרפען האָלמז'ן א שאַרפען בליק. דאן האט זיא געענטפערט:

„דער העררר האט מיך געפרעגט אויף מ י י ן אדרעסע, נאָר סאללי וואָהנט אין 3 מייפיעלד פלייס, פעקהאם."

„מיין נאמען איז סאָיער, איהרער, סאללי'ס, איז דעננים. כל־זמן טאָם דעננים איז אויף'ן ים, איז ער א ריינער, שעהנער און גוטער מענש. אָבער וויא ער קומט אויף דער יבשה, הייבט ער אָן צו טרינקען און הערט גאר ניט אויף."

„דאָ איז אייער רינג, מיסעס סאָיער," האב איך געזאָגט זיא אונטערברע־כענדיג אויף א וואונק פון האָלמז'ן. „מיך פרייט עס וואס אייער טאָכטער וועט ניט האבען קיין יסורים."

זיא האט מיר זעהר שעהן געדאנקט, צוגענומען דעם רינג און איז אוועק. באלד נאכדעם איז שערלאָק האָלמז אויפגעשפרונגען, אריין אין זיין צימער און איז ארויס געקומען איינגעהיעלט אין א לאַנגען מאַנטעל.

„איך וועל איהר נאכגעהען," האט ער געזאָגט. „זיא מוז זיין א בעטהייליגטע און וועט מיך פיהרען ביז אהיים. איהר זאָלט ווארטען אויף מיר."

אין נעכסטען אויגענבליק איז ער פערשוואונדען. ארויס קוקענדיג פון פענסטער, האב איך בעמערקט דיא פרוי געהענדיג פאָראויס און האָלמז האט איהר נאכגעפאָלגט מיט א שטרעקע ווייטער.

„ענטוועדער זיין גאנצע טהעאָריע איז א פאלשע," האב איך מיר געטראַכט, „אָדער דיעזע פרוי וועט איהם יעטצט פיהרען צו דער אויפלעזונג פון דעם גאנצען געהיימניס."

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האב איך איהם ערוואַרטעט. אונגעפעהר אום 12 אוהר, האט ער צוריק געקעהרט, און אויף זיין געזיכט איז געלעגען איין אויסדרוק פון צאָרן און פרייד. ער האט זיך געזעטצט, און מיט א געלעכטער, האט ער געזאָגט:

„איך וואָלט ניט וועלען מען זאָל דאַריבער ערפאהרען אין דער פּאָליציייא, פאר א הויפען גאָלד. יא, איך האב געהאט איין אונערוואַרטעטע מפלת. אָבער איך מעג לאַכען, ווייל סוף־כל־סוף, וועל איך דאָך זיעגען.“

„אָבער וואס איז געשעהען?“

„הערט:“ האט ער געזאגט ווערענדיג ערנסטער. „מיט א פּאאר שטראסען ווייטער, איז דיא אַלטע פרוי פּלוצלינג געוואָרען שטארק יונג און פעסט. זיא איז געבליעבען שטעהען, צונערופען א דראָשקע, און איך האב מיך דערנעהענטערט אום צו הערען דיא אנגעגעבענע אדרעסע. דיעזע האט געלויטעט: 13 דאָנקאָן סטריט, האָנדזדיטש. דאן איז זיא אריינגעשפּרונגען אין דער דראָשקע מיט דער שנעל־לינקייט פון א קאַטץ. איך האב מיך באלד נאכגעהאנגען אויף דער הינטערשטע אַקס, און צוקומענדיג צו דער אנגעגעבענער אדרעסע, איז דיא דראָשקע געבליעבען שטעהען און איך בין ארונטער געשפּרונגען. דער טרייבער איז ארונטער, געעפענט דיא דראָשקע־טהיר, אָבער קיינער איז פון דאָרט ניט ארויס. דער טרייבער איז געוועזען אויסער זיך פאר צאָרן, וואס זיין פּאסאזשיר איז פערשוואונדען געוואָרען. נאכפרעגענדיג אין נומער 13 דאָנקאָן סטריט, האב איך ערפאהרען, אז דאָרט וואָהנט איין אנשטענדיגע פאמיליע מיט דעם נאמען קעסוויק, אָבער קיינער האט דאָרט ניט געהערט פון סאָיער אָדער דעננים.“

„ווילט איהר בעהויפּטען,“ האב איך געפרעגט, „אז דיעזע אלטע פרוי האט געקענט ארויס שפּרינגען פון דער דראָשקע, וועהרענד זיא איז גע־לאָפען?“

„איין אלטע פרוי!“ האט ער אויסגעשריען, „מיר זיינען אלטע ווייבער וואס האבען זיך געלאָזט נארען! דאס איז געוועזען א יונגער מאן, און דערצו איין אויס־געצייכענט פעהיגער מענש. ער האט פּאָזיטיוו געזעהען, אז ער ווערט פערפאָלגט און ער האט מיך פערפיהרט. דאס בעווייזט, אז מיר האבען צו טהון ניט מיט קיין געוועהנליכע מענשען.“

האָלמז האט מיך גערא‌טהען איך זאָל געהען רוהען, און איך האב איהם געפאָלגט.

6.

## וואס גרעגסאָן קען טהון:

דיא צייטונגען זיינען געוועזן פול מיט בעריכטע און פערשיעדענע מיינונגען איבער דעם געהיימניספאָלען מאָרד. דיא אונטערשטע שורה איז געוועזן, אז מען האט פאָלגענדעס אויסגעפונען:

דער ערמאָרדעטער איז געוועזן איין אמעריקאנער, וועלכער האט פערוויילט אין לאָנדאָן. ער האט געוואָהנט אין א פריוואט־האָטעל פון מיסעס שארפענטיער, אין טאָרקוויי טערראס, קעמבערוועל. ער איז געוועזן בעגלייטעט פון זיין פריוואט־סעקרעטער, מר. דזשאָזעף סטאנגערסאָן. ביידע זיינען דיענסטאג פון דאָרט אוועק אום צו פאָהרען נאך ליווערפול. שפעטער האט מען זייא אויך געזעהען ביי דער סטאציאָן. זאָנסט איז קיין זאך מעהר בעקאנט, ביז מען האט געפונען דרעבבער'ס קערפער.

מיר האבען ביידע געלעזען דיא צייטונגען, ווען מעהרערע שריט האבען זיך געהערט אין קאָרידאָר, דאן האט זיך געעפענט דיא טהיר און עטליכע שמוטציגע גאסען־אינגלעך זיינען אויף איינמאל אריין און געבליעבען שטעהען.

„דומקעפ!“ האט האָלמז אויסגעשריען. „איך דארף אייך ניט האבען אלע דאָ. ווייטער זאָל אהער בלויז קומען וויגגינס מיר בעריכטען. יעטצט בין איך אייך מוחל. אלזאָ וויגגינס, וואס הערט זיך?“

„נאך נאר ניט געפונען“ האט וויגגינס געענטפערט.

„גוט, זוך ווייטער. דאָ האט איהר אייער געהאלט,“ און בייא דיעזע ווערטער, האט ער יעדען געגעבען א שילינג. „אלזאָ, געהט אייער וועג און ברענגט מיר נעכסטעס מאל א בעסערן בעריכט.“

דיא אינגלעך זיינען ארויס.

„איהר וואונדערט זיך,“ האט האָלמז בעמערקט. „איך וועל אייך ערקלערען: אָט דיעזע גאסען־אינגלעך זיינען פאר מיר בעסער וויא א רעגימענט דעטעקטיווס. זייא געהען און קומען איבעראל, און זייא טראָגען ניט קיין מונדירען אום מען זאָל זיך פאר זייא היטען. אונטער א גוטער פיהרונג, זיינען זייא זעהר ניטצליך.“

„און וואס טהון זייא יעטצט?“ האב איך געפרעגט.

„זייא העלפען מיר אויפלעזען דאס געהיימניס איבער דעם בריקסטאָן ראָאד מאָרד... אך! אָט באלד וועלען מיר הערען נייעס. דאָרט געהט גרעגסאָן און אויף

וײן געזיכט ליענט טריאומף. דער דומקאָפּ, און טראָטץ דעם, בין איך זיכער, אז ער האט נאך קײן שפּור."

אין עטליכע סעקונדען ארום, איז גרענסאָן אריינגעקומען, געריבט האָלמז'ן דיא האנד, און אויסגעשריען:

„גראטולירט מיך! אַלעס איז אויפגעלעזט, דאס געהײמניס איז ענט־דעקט!"

האָלמז איז אביסעל איבערראשט געוואָרען און געפרעגט:

„מײנט איהר דערמיט צו זאגען, אז איהר זײט אויף דער ריכטיגער שפּור?"

„וואס פאר א שפּור! מיר האבען שוין ארעטירט דעם מערדער!"

„דעם מערדער? און וויא הייסט ער?"

„ארטהור שארפּענטיער! סוב־לײטנאנט אין דער מארינע!"

האָלמז האט לײכטער אויפגעאטהעמט.

„זיטצט, מר. גרענסאָן," האט ער נאכדעם געזאגט שמײכלענדיג. „פּערו־ויבערט א ציגאר. מיר זײנען װירקליך זעהר נײגיעריג צו הערען וויא דאס האט פּאסירט."

גרענסאָן האט זיך געזעטצט, פערראויכערט א ציגאר און אָנגעפאנגען:

„נאָר איהר, מר. האָלמז, וועט וויסען דעם ווערטה פון מײן ארבײט. דער דומקאָפּ לעסטראד, איז מיר פערקראָכען צו אַלל־דיא־שווארצע יאָהר. ער איז גע־גאנגען זוכען סטאנגערסאָנען, וועלכער האט מיט דער גאנצער געשיכטע ניט וואס צו טהון. אונטערדעסען וויל איך ניט צווייפלען, אז ער האט איהם שוין גע־פונען."

„אָבער וויא אזוי האט איהר ענטדעקט אײער שפּור?"

„אָט וועט איהר הערען. ענטשולדיגט מיר, דאָקטאָר, דאס מוז פּאָרלויפיג בלײבען אונטער אונז. איך בין ניט געוועז אזוי דום צו ווארטען ביז מען וועט מיר שיקען א גאנצע בעשרייבונג פון אמעריקא. געדענקט איהר, האָלמז, דעם הוט נעבען דעם טויטען?"

„געוויס געדענק איך. פאבריצירט בייא דזשאהן אָנדערוואוד ענד סאָנס, 129 קעמבערוועל ראָאד."

גרענסאָן האט אויסגעדריקט ערשטוינונג.

„איך האב קיין אהנונג געהאט, אז איהר האט דאס בעמערקט. זײט איהר דאָרט געוועז?"

„ניין.“

„ועהט איהר, איך האב אזא נעלעגענהייט ניט פערנאכלעסינט. איך בין אהין נעגאנגען און געפרעגט ווען און צו וועמען ער האט פערקויפט אזא און אזא הוט. נאכקוקענדיג אין דיא ביכער, האט ער מיר ערקלערט, אז דער הוט איז פערקויפט געווארען צו א געוויסען מר. דרעבבער, וואס וואהנט בייא שארפענטיער. איך בין באלד אוועק אהין און געטראפען דיא פרוי בלאס און בעטריעבט. איהר טאכטער, זעהר א שעהנעס מעדכען, האט געהאט רויטע אויגען פון וויינען. דער פערדאכט איז געשטיעגען, און אהנע פיעל צערעמאניע, האב איך געפרעגט, אויב זייא האבען געהערט איבער דעבבער׳ס מארד.

„דיא מוטער האט געשאקעלט מיט׳ן קאפ יא, ענטפערן מיט׳ן מויל, האט זיא ניט געקענט. דיא טאכטער האט אנגעהויבען צו וויינען.

„אום וויפיעל אוהר האט מר. דרעבבער פערלאזט אייער הויז?“ האב איך געפרעגט.

„אום 8 אוהר,“ האט זיא קוים ארויס געשטאמעלט. „זיין סעקרעטער, מר. סטאנגערסאן, האט געזאגט, אז עס זיינען דא צווייא ציגע, איינער געהט אב אום 9:15 און איינער אום 11 אוהר. ער האט בעאבזיכטיגט אבצורייזען מיט דעם ערשטען.“

„און ווען נאך האט איהר איהם געזעהען?“

„בייא דיעזער פראגע האט זיא אנגעהויבען צו ציטערן.

„האט איהר איהם שוין מעהר ניט געזעהען?“ האב איך נאך אמאל גע־פרעגט. זיא האט ארויס געשטאמעלט א געצוואונגענעם „ניין.“ פלוצלינג האט זיך דיא טאכטער אריינגעמישט און אויסגעשריען:

„ניין, מוטער! עס קען קיין גוטס ניט ארויס קומען פון קיין ליגען. לאמיר זאגען אלעס פרייא און אפען. מיר האבען יא נאך אמאל געזעהען מר. דרעבבער!“

„גאט זאל אונז בעשיטצען!“ האט דיא אלטע אויסגעשריען, „דוא האסט פערהרג׳עט דיין ברודער!“

„ארטהור וויל בעסער מיר זאלען זאגען דיא וואהרהייט,“ האט דאס מעדכען אנגעווענדעט.

„יא, יא, מאדאם,“ האב איך שוין געזאגט. „אמבעסטען ועט זיין ווען איהר וועט מיר אלעס דערצעהלען. דיא וואהרהייט איז, אז מיר וויסען שוין מעהר וויא איהר קענט זיך פארשטעלען.

„אך, אללעס!" האט זיא אויסגעשריען. „וואס האסטו געטהאָן?" נאכהער האט זיא זיך געווענדעט צו מיר און אָנגעפאנגען:

„איך וועל אייך זאגען, מיין העררּ: מיינט ניט, אז מיין אויפרעגונג האט עפּעס צו טהון דערמיט וואס איך האב מורא, אז מיין זוהן איז אין דיעזער שרעק־ליכער טהאַט. ער איז פאָלקאָמען אונשולדיג. וואס איך שרעק מיך יא, איז, וואס איהר און אנדערע וועלען איהם פאַרלויפיג בעטראכטען פאר שולדיג. ווען איהר וועט אָבער אונטערזוכען זיין כאראקטער, זיין פּראָפעסיאָן און ערשטע קלאסע אויפפיהרונג, וועט איהר אלעס ענטדעקען."

„דאס איז זעהר גוט, מאדאם," האב איך אָנגעווענדעט. „אָבער פאַרלויפיג איז נעטיג איהר זאָלט קיין זאך פערשווייגען. ווען ער איז אונשולדיג, פערזיכער איך אייך, אז עס וועט איהם גאר ניט שאדען."

אויף א וואונק צו איהר טאָכטער, איז דיא לעטצטע ארויס פון דעם צימער און דיא פרוי האט געזאגט:

„מר. דרעבבער האט בייא אונז געוואָהנט 3 וואָכען צוזאמען מיט זיין סעק־רעטער מר. סטאנגערסאָן. וואס עס אנבעלאנגט דעם סעקרעטער, איז ער געווען א רוהיגער מענש, וועהרענד זיין בעל־הבית איז געווען דער געגענטהייל. זיין בענעה־מונג צו דיא דיענסטען אין הויז, איז געווען אבשייליך. דערצו איז ער כמעט אימער געווען בעזויפען. כעטצטענס האט ער זיך בעדיענט מיט אבשייליכע ווערטער אין דער געגענוואַרט פון מיין טאָכטער, נאָר זיא, גליקליכער ווייזע, איז נאך צו אונ־שולדיג אום איהם צו פערשטעהען. איינמאל האט ער זיא ארום געכאַפּט און אומ־ארמט, און דיעזע געמיינהייט האט ארויס גערופען א פּראָטעסט פון זיין אייגענעם סעקרעטער. נאָט וויים דעם אמת, אז איך וואָלט איהם באלד געהייסען זיך ארויס ציהען, נאָר דיא צייט איז יעטצט זעהר שלעכט און איך בין איין אלמנה. זייא דאבען מיר געצאָהלט 14 פונט א וואָך, און דאס איז מעהר וויא איך האב געקענט ערוואַרטען. אָבער זיין לעטצטע אבשייליכע אויפפיהרונג האט מיך געצוואונגען איהם צו הייסען געהען."

„אלזאָ?"

„איך האב פרייער אויפגעאטהעמט, ווען איך האב איהם געזעהען פערלאָזען אונזער הויז. מיין זוהן איז יעטצט אין דער היים אויף וואקאנץ, נאָר אזוי וויא ער ליעבט זעהר זיין שוועסטער און איז איין אויפגערעגטער, האב איך איהם גאר ניט געזאָגט. צו מיין טיעפּעס בעדויערן אָבער, איז דרעבבער צוריק געקומען מיט אונ־געפעהר א שטונדע שפּעטער, נאכדעם וויא ער האט זיך ארויס געצויגען. ער

איז געווען אויפגערעגט און שטארק בעזויפען. ער האט ארויס געפלוידערט, אז ער האט פערשפּעטיגט דעם צוג. דאן האט ער זיך געווענדעט צו אליס'ן, און אין מיין נעגענוואַרט, האט ער איהר געמאַכט א פאָרשלאַג צו ענטלויפען מיט איהם. ער האט זיא ווידער ארום געכאַפּט און פאַר שרעק האט זיא אָנגעהויבען צו שרייען. מיין זוהן האט דאס דערהערט און איז אריינגעלאָפען. וואס עס איז געווען, האב איך ניט בעמערקט פאַר שרעק און איבערראַשונג. איך האב נאָר געהערט א ראַנגלען זיך און קללות. דאן האב איך געזעהען ארטהור'ן שטעהען אויף דער שוועל, לאַכענדיג, מיט א שטעקען אין האַנד און ער האט געזאָגט: „איך גלויב, אז דאס וועט איהם לערנען אביסעל דרך־ארץ. יעטצט לאָמיך זעהען וואס ער געהט טהון." בייא דיעזע ווערטער האט ארטהור גענומען זיין הוט איז אוועק. אויף'ן אנדערן מאָרגען האבען מיר געלעזען איבער דעם געהיימניספאָלען טויט פון מר. דרעבבער."

גרענסאָן האט געמאַכט א פּויזע, און שערלאָק האָלמז האט בע־מערקט:

„זעהר אינטערעסאַנט. און וואס איז ווייטער געשעהען?"

„איך האב זיא געפרעגט צו וועלכער שטונדע איז איהר זוהן אהיים גע־

„איך ווייס ניט," האט זיא געענטפערט זעהר אונרוהיג.

„איהר ווייסט ניט?"

„ניין, ער האט א נאַכשליסעל און קומט אליין אריין."

„איז דאס געווען נאָכדעם וויא איהר זייט געגאַנגען שלאָפען?"

„יא."

„און ווען געהט איהר שלאָפען?"

„אום 11 אוהר."

„אייער זוהן איז אלזאָ אהיים געקומען מיט א פּאָאר שטונדען שפּעטער?"

„יא."

„וואס האט ער געטהאָן אין זיין אבוועזענהייט?"

„איך ווייס ניט," האט זיא געזאגט ציטערענדיג.

„נאָך דיעזער אונטערזוכונג, האב איך מעהר ניט געוואָלט ווארטען און איך האב ארעסטירט דעם לייטנאַנט שאַרפּענטיער. ווען איך בין פאַר איהם ער־שיענען און איהם געזאָגט, אז ער איז מיין געפאַנגענער, האט ער בעמערקט: „איך

רעכען, אז דאס איז פאר דעם טויט פון דעם שופט דרעבבער." ביז דאמאלס האט איהם קיינער פון אונז ניט געזאגט, ווארום מיר ערעטירען איהם. ער האט נאך אימער בייא זיך געהאט דעם שווערען שטעקען וואס זיין מוטער האט פאר אונז בעצייכענט."

„וואס איז אלזא אייער טהעאָריע ?" האט האָלמז געפרעגט.

„גאנץ איינפאך: ער איז נאכגעגאנגען דרעבבער'ן, איהם נאך אמאל אָנ־געטראָפען, זיך צוקריגענט מיט איהם, געהרג'עט און אריינגעשלעפט אין לעערען צימער. וואס עס אנבעלאנגט דאס שרייבען אויף דער וואנט און דעם רינג, איז דאס אבזיכטליך, אום ארונטער צו פיהרען דיא פאָליציייא פון דער ריכטיגער שפור."

„בראוואָ !" האט האָלמז אויסגעשריען מיט א האלב־שפּאָטישען שמייכעל.
„גרעגסאָן ! איהר זייט א קינסטלער ! מיט דער צייט וועט פון אייך נאך עפּעס ווערען."

דיא טהיר האט זיך פּלוצלינג געעפענט, און פאר אונזערע אויגען איז גע־בליעבען שטעהען דעטעקטיוו לעסטראד. זיין געזיכט האט עדות געזאגט, אז ער איז פערצווייפעלט.

„מיינע הערען !" האט ער אויסגעשריען. „דאס איז דאס פינסטערסטע מאָרד־געהיימניס וואס איך האב נאך ביז יעטצט בייגעוואָהנט."

„ווירקליך, מר. לעסטראד ?" האט גרעגסאָן געפרעגט טריאומפירענד.
„איך האב אויך אזוי גערעכענט. אָבער וואס הערט זיך מיט מר. דזשאָזעף סטאנגערסאָן ?"

„סטאנגערסאָן," האט לעסטראד געענטפערט, „איז ערמאָרדעט געוואָרען אין האללידיי'ס פּריוואט האָטעל, היינט פריה, אום 6 אוהר."

## 7.

## אַביסעל ליכט.

דיעזע נאכריכט וואס לעסטראד האט אונז געבראכט, האט אונז אלעמען פערשטיינערט. האָלמז האט אויסגעזעהען וויא געטראָפען פון א קוגעל.

„סטאנגערסאָנען אויך !" האט ער אויסגעשריען. „איך האב דאס ניט ער־ווארטעט !"

„אום גאָטעס ווילען, לעסטראד!“ האט גרענסאָן געשריען, „זייט איהר זיכער, אז דאס וואס איהר דערצעהלט איז וואהר?“

„איך קום נאָר וואס פון זיין צימער,“ האט לעסטראד געענטפערט, „און איך בין געווען דער ערשטער צו ענטדעקען דעם מאָרד.“

„הערט אויס, מר. לעסטראד,“ האט האָלמז געזאגט אין איין ערנסטען טאָן, „ביז יעטצט האבען מיר אויסגעהערט גרענסאָן'ס שילדערונג פון זיין ארבייט, ווילט איהר אזוי גוט זיין און מיר דערצעהלען וואס איהר האט ערפאהרען?“

„יא, ווארום דען ניט? איך וועל אייך זאָגען דיא וואהרהייט, אז איך האב גערעכענט, דאס סטאנגערסאָן איז דרעבבער'ס מערדער. איך האב ערפאהרען, אז סטאנגערסאָן איז אוועק געפאָהרען נאך ליווערפּול. איך האב אהין טעלעגראפירט צו דער פּאָליציייא, דערווייל האב איך אָבער געמאכט איין אונטערזוכונג אין דיא האָטעלען נעבען דער איסטאָן סטאציאָן, און קומענדיג אין האלידיי'ס פּריוואט האָטעל, וואו איך האב וויא איבעראל, געגעבען א בעשרייבונג פון סטאנגערסאָנען, האט א קעלנער געזאָגט:

„אָה, יא, דיעזער הערר געפינט זיך דאָ. ער וואַרט שוין, וואהרשיינליך אויף אייך, זייט צווייא טעג, און ער האט געזאגט, אז מען מוז קומען נאך איהם. זייט איהר מר. דרעבבער?“

„עס מאכט ניט אויס ווער איך בין,“ האב איך געענטפערט. „וואו איז מר. סטאנגערסאָן יעטצט?“

„ער איז אויבען, וואהרשיינליך נאך אין בעט. ער האט געזאגט, מען זאָל איהם אויפוועקען ערשט אום 9 אוהר.“

„דער קעלנער איז מיטגעגאנגען מיר צו ווייזען דאס צימער. צוקומענדיג צו דער טהיר, האב איך בעמערקט א קליינעם רויטען רינשטאָק ארויס פליסענדיג איך און דער קעלנער האבען זיך ביידע דערשראָקען. דיא טהיר איז געווען פון אינווענינג פערשלאָסען און מען האט זיא געמוזט אויפברעכען. דאס פענסטער איז געשטאנען אָפען, און נעבען פענסטער איז געלעגען דער קערפּער פון א מאן אין נאכט־קליידער. ער איז שוין געווען קאלט. איהם אומווענדענדיג, האט דער קעלנער אין איהם דערקענט דעם מאן, וואס האט זיך גערופען סטאנגערסאָן. אין זיין זייט איז געווען א טיעפע מעסער־וואונד. אָבער דאס מערקווירדיגסטע דערבייא איז געווען, וואס אויף דער וואנט, מיט בלוט אויפגעשריעבען, איז געווען דאס וואָרט RACHE (ראַכע).“

מיר זיינען אלע געבליעבען שטעהן שפּראכלאָז. און לעסטראד, נאך א פּויזע, האט פאָרטגעזעצט:

„אין דערזעלבער צייט, האב איך ווייטער ערפאהרען, אז מען האט געזעהען דעם מערדער. א מילך־אינגעל האט איהם בייא מאגנעס־אנברוך געזעהען ארונטער שטייגען פון א לייטער גראדע נעבען דיזען פענסטער. ער בעהויפּטעט, אז דער מאן איז געוועזען הויך און געהאט א רויטליך געזיכט. עס שיינט אויך, אז דער מערדער האט אביסעל פערוויילט אין צימער שוין נאך דעם מאָרד, דען מיר האבען דאָרט געפונען פערבלוטיגטעס וואסער, וואו ער האט זיך אָבגעוואשען דיא הענד און דאן דיעזע אָבגעווישט מיט זיין פערבלוטיגטעס מעסער אן דעם ווייסען לייליך פון בעט.“

האָלמז האט זיך פערטראכט און פלוצלינג געפרעגט:

„האט איהר מעהר קיין זאך ענטדעקט?“

„מיר האבען געפונען דרעבבער'ס געלד־טאשע מיט 80 פונט אין זיין קעשענע, אָבער דאס בעדייטעט גאר ניט, דען ער האט אימער געהאלטען דרעבבער'ס געלד בייא זיך, דאן א טעלעגראמע מיט דיא ווערטער: „דזש. ה. איז אין אייראָפּא.“

„און זאָנסט קיין זאך?“ האט האָלמז ווידערהאָלט ערשטוינט.

„קיין וויכטיגעס, עס איז געשטאנען א גלאָז וואסער נעבען איהם אויף'ן טישעל, און אויף'ן פענסטער איז געלעגען א שאכטעל מיט פּילען.“

„פּילען!“ האט האָלמז אויסגעשריען, „דיא לעטצטע רינג צו מיין קייט איז געענדיגט!“

ביידע דעטעקטיווס האבען איהם בעטראכט ערשטוינט.

„מיינע הערען!“ האט האָלמז געזאָגט זיך בערוהיגענד. „איהר וועט מיר ענטשולדיגען, איינצעלהייטען קען איך יעטצט ניט געבען. אָבער איך זאָג אייך, אז דאס גאנצע געהיימניס איז אויפגעלעזט. פאר אלעמען, מר. לעסטראד, האט איהר דיא פּילען?“

„יא, אָבער דיא וואהרהייט איז, אז איך זעה אין זייא קיין וויכטיגע זאך.“

„עס מאכט ניט אויס, גיבט זייא נאָר אהער. יעטצט, דר. וואטסאָן, זאָגט איהר אלס ארצט, זיינען דיעזע געוועהנליכע פּילען?“

איך האב זייא בעטראכט און געזעהען, אז זייא זיינען דורכזיכטיג און ווייסליך אומגעוועהנליך.

„פון זייער לייכטקייט און דורכזיכטיגקייט,“ האב איך בעמערקט, „קען מען אורטהיילען, אז מען קען זייא אויפלעזען אין וואסער.“

„גאנץ ריכטיג!“ האט האָלמז אויסגערופען. „יעטצט, דאָקטאָר, טהוט מיר א טובה, און נעהמט ארונטער אונטען און ברענגט אהער ארויף דאס הינטעל, וואס דיא בעל־הבית׳טע האט אייך געבעטען איהר זאָלט עס פערסם׳ען.“

איך האב זיין וואונש ערפיללט אָהן א בעמערקונג.

„איך וועל איבערשניידען איין פילל,“ האט ער געזאגט. „א העלפט וועלען מיר בעהאלטען פיר שפעטער און א העלפט וועלען מיר אריינלייגען אין אביסעל וואסער. זעהט איהר, דר. וואטסאָן האט ריכטיג געזאָגט: עס לעזט זיך אויף.“

„אָבער וואס האט עס צו טהון מיט סטאנגערסאָן׳ס טויט?“ האט לעסטראד נעפרעגט אונגעדולדיג.

„אוים דויער, מיין פריינד“, האט האָלמז געענטפערט. איהר וועט מיט דער צייט אלעס ערפאהרען. לאָמיר פריהער זעהען וויא דער הונד טרינקט דאס אוים.“

דער הונד האט עס אויסגעטרונקען, מיר האבען געוואַרט, אָבער מיר האבען קיינע ענדערונג געזעהען אין דעם הונד. האָלמז האט אויסגעזעהען פער־צווייפעלט.

„דאס איז אונבעגרייפליך! אונפערשטענדליך!“ האט ער געשריען. אויף זיין שטערן זיינען ערשיענען גרויסע טראָפּענס שוויים. ער האט בעטראכט דיא האלבע פילל, און דאן צוגעשמעקט צו דער גאנצע און אויסגעשריען טריאומ־פירענד:

„ניין, ניין! איך האב קיין טעות ניט געהאט, באלד וועט איהר זעהן! איין פילל איז גאנץ אונשעדליך! אָבער דיא אנדערע ...“

ער האט איבערגעשניטען דיא צווייטע פילל. אויפגעלעזט א האלבע אין וואסער, געגעבען דעם הונד אויסטרינקען, און אין א פאאר סעקונדען ארום, איז דער הונד געבליעבען ליעגען טויט.

„הערט אויס, מר. האָלמז,“ האט גרעגסאָן בעמערקט, „מיר בעגרייפען אבסאָלוט ניט וואס איהר טריאומפירט דאָ. מיר זיינען פראקטישע מענשען...“

זיינע הערטער זיינען אונטערבראָכען געוואָרען, ווען עס האט זיך געהערט א קלאפ אין טהיר. ווינינס, דאס גאסען־איינגעל, איז ערשיענען.

„דער טרייבער מיט דער דראָשקע שטעהט אונטען,“ האט ער אָנגעצייגט.

„בראַוואָ וויגינס!“ האט האָלמז אויסגערופען, אָבער אונטערדריקענדיג זיין שטימע. „זעהר גוט, וויגינס, שיק איהם ארויף, ער זאָל מיר העלפען ארונטער טראָגען דעם באַגאַזש.“

ווען וויגינס איז ארויס, האט האָלמז צוגעשלעפּט א גרויסען טשעמאָדאַן אין מיטען צימער.

„אויפּפּאַסען, מיינע העררען!“ האט ער געזאָגט א בליק געבענדיג צו אונז. דער טרייבער איז ערשיענען.

„זייט אַזוי גוט,“ האט האָלמז געזאָגט גאַנץ רוהיג צום טרייבער און העלפט מיר דאָ פערמאַכען דעם שלאָס.“

דער טרייבער האט זיך צוגעבויגען מיט זיין קניע אום צו העלפען. מיר האבען אַלע געבליקט ערשטוינט אויף האָלמז'ן, און דיא וואהרהייט איז, אז איך האב אין יענעם אויגענבליק גערעכענט, דאס האָלמז איז א פוסטער פּלוידערזאַק. מיינע געדאַנקען זיינען אָבער אונטערבראָכען געוואָרען, ווען עס האט זיך פּלוצלינג געהערט א שאַרפער קלינג פון מעטאַל, און זיך אומקוקענדיג, האב איך געזעהן דעם טרייבער'ס הענד איינגעשלאָסען אין צווייא אייזערנע מאַנשעטען.

האָלמז איז אויפגעשפּרונגען, און מיט בליטצענדע אויגען האט ער אויס־געשריען:

„מיינע העררען! איך האב דיא עהרע אייך פאָרצושטעלען מר. דזשעפערסאָן האָופּ, דער מערדער פון ענאָק דרעבבער און דזשאָזעף סטאַנגערסאָן!“

דאס אַלעס האט שטאַטגעפונדען אין א מאָמענט, אַזוי שנעל, אז איך האב קיין צייט ניט געהאַט אַלעס צו בעגרייפען.

וואס איך געדענק יעצט איז, האָלמז'עס טריאומפירענדע מיענע, דעם טרייבער'ס צושראָקענער און ווילדער אויסדרוק אויף'ן געזיכט און דיא אייזערנע מאַנשעטען, וואס זיינען ארויף געקראָכען אויף זיינע הענד, וויא פון א צויבער.

מיר זיינען געשטאַנען איינינע אויגענבליקען וויא סטאַטוען, דאַן האט זיך דער טרייבער פּלוצלינג ארויס געריסען פון האָלמז'עס הענד און זיך געגעבען א שליידער אין פענסטער. דאַמאַלס האט גרעגסאָן און לעסטראַד ערוואַכט, און צו־זאַמען מיט האָלמז'ן האבען זייא איהם צוריק געשלעפּט. וואו עס האט אָנגע־פאַנגען א שוידערהאַפטער קאַמפּף. ער איז געוועזען א ריעז, ווען ער האט געקענט אַזוי קעמפּפען געגען דריעזע דרייא מעכטיגע מענער. ענדליך האבען זייא איהם בעזיעגט און פעסט צוזאַמען געשלאָסען מיט נאָך אייזערנע מאַנשעטען.

„אונטען שטעהט זיין דראָשקע,‟ האט האָלמז נעזאגט, „און מיר וועלען איהם טאקי מיט דערזעלבער דראָשקע אוועק פיהרען אין דער פאָליציייא סטאציאָן. אָבער פאָרלויפיג, גלויב איך, דארף מען זיך שוין נים איילען. איך וויים, אז איהר, אלס בעאמטע, קענט ניט אוועק געהען פון דאנען אין פינסטערן. איהר קענט מיך פרעגען וואס איהר ווילט, און איך וועל מיך בעמיהען אלעס צו ערקלערען.‟

דער געפאנגענער, וויטהענד וויא א ווילדע חיה, האט געבליקט צו האָלמז'ן מיט האס און פעראכטונג.

האָלמז האט דאס בעמערקט און געזאגט:

„דאָן האבען מיר דאָ אויך מר. דזשעפערסאָן האָופּ, און ער וועט אונז אויך העלפען צו ערפּ.הרען זאכען, וועלכע זיינען אונז אלע א געהיימנים. איך האָף, אז ער וועט אונז ניט ענטזאגען דיעזען וואונש.‟



# צווייטער טהייל.

## 1.

## אין דער שרעקליכער מדבר.

אין דעם מיטעלפונקט פון דעם נארד־אמעריקאנישען וועלט טהייל, ליעגט א שוידערהאפטע און שרעקליכע מדבר, וועלכע האט געדיענט זעהר פיעלע יאהרען אלס א שטערונגס־מיטעל פיר דעם פארטשריט פון ציוויליזאציאן. דיעזע וויסטע בריייטעט זיך אויס פון סיערראַ נעוואדא ביז נעבראסקא און פון יעללאָוסטאָון ריווער ביז קאלאראדאָ. דיא נאטור זעלבסט, איז דארט זעהר קאפריזנע. זיא האט הויכע בערג בעדעקט מיט שנעע, און שוידערהאפטע פינסטערע טהיילען; שנעל־שטירמענדע טייכען און אונגעהייערע גרויסע פלעטצער מיט קיין טראפען וואסער. דיעזע פלעטצער זיינען זאנאר אין ווינטער ווייס, אבער ניט מיט שנעע, זאנדערן מיט א מין שטויב וואס ענטהאלטעט אין זיך שמוטציגעם וויער־ביטערעס זאלץ.

אין אלגעמיינעם, זעהט דיעזע וויסטע אויס וויא א שרעקליכער גרויסער בית־עולם. אויף מאנכע פלעטצער געפינען זיך אויך ווילדע חיות. אבער דיעזע זיינען גראדע אזוי אונהיימליך וויא דיא פערשאלטענע געגענד זעלבסט. אויף איינעם פון דיעזע ווייסע און וויסטע פעלדער, איז געוועזען צו בעמערקען, אם 4־טען מאי, 1847, צווייא איינזאמע וואנדערער. זייער אויסזעהען האט בארנעשטעלט אונגליק, נויט און פערצווייפלונג. וואס עס אנבעלאנגט איינעם פון דיא וואנדערער, האט מען געקענט אורטהיילען, אז ער איז א מאן פון א יאהר 60, אבער אין דער וואהרהייט געשפראכען, איז ער מעהר ניט אלט געוועזען וויא 40. זיין געזיכט איז געוועזען מאגער און איינגעפאלען, און זיין הויט האט אויסגעזעהען וויא א געלער פארמעט, וואס האט זיך אויסגעצויגען איבער דיא ביינער פון א סקעלעט. זיינע לאנגע ברוינע האאר פון קאפ און בארד, זיינען געוועזען דורכגעשטרייפט מיט ווייסע לאנגע פלעקען; זיינע אויגען זיינען געזעסען טיעף אין קאפ און פון דארט ארויס געפונקעלט מיט

איין אונהיימליכען בליק. מיט איין האנד האט ער צונעהאלטען א ביקס, וואס איז נעהאנגען איבער זיינע שולטערן.

דאן האט ער ארונטער גענומען דיא ביקס, אוועק געשטעלט אויף דעם ווייסען זאמד און דארויף אנגעשפארט זיין קערפער. בליקענדיג גוט אויף דיעזען אויסגעמאגערטען קערפער, האט מען געקענט אורטהייל‌ען, אז דער איינגענטהימער פון איהם, איז אמאל געווען א גרויסער און קרעפטיגער מענש. און יעטצט? — יעטצט האט ער געהאלטען אין שטארבען פון הונגער.

ער איז דאן געשטאנען אויף א בערגעל, וואוהין ער איז קוים ארויף געקראכען, אין דער האפנונג, פיעללייכט וועט ער עפעס ערבליקען, וואס זאל ראטעווען זיין לעבען. אבער פאר זיינע אויגען איז ערשיענען דיעזעלבע ווייסטע און אונענדליכער שוידערהאפטער באדען מיט זאלץ און טויט. קיין בוים, קיין פלאנצונג, קיין בלעטעל און קיין טראפען וואסער. קיין שאטען פון האפנונג. טויט האט געהערשט איבעראל.

דער אונגליקליכער האט געבליקט און געבליקט אין אלע זייטען, זיך נאך אמאל צו איבערצייגען אין זיין אונגליק; דאן האט זיין סקעלעטען־קערפער א שוידער געטהון.

„וואס איז דער חילוק דא, דארט, אדער אויף אירגענד איין אנדערן פלאטץ? עס מעג דא אויך זיין. דער טויט אליין איז גלייך איבעראל,“ האט ער געמורמעלט וועהמיטהיג.

מיר האבען פריהער בעמערקט, אז דארט זיינען געוועזען צווייא וואנדערער און מיר האבען נאך דעם צווייטען ניט געזעהען. באלד וועלען מיר אלעס ערפאהרען.

דער אויסגעמאגערטער און מידער וואנדערער, האט אויסגעזעהען צו זיין ענטשלאסען אין זיך זעטצען. ער האט דערפאר אוועק געלייגט זיין נוטצלאזע ביקס און אויך א גרויסעס בינטעל אין א גרויען שאל, וואס ער האט געטראגען איבער זיין רעכטען שולטער.

דאס בינטעל האט אויסגעזעהען אביסעל צו שווער פיר זיין קראפט, דען צור צייט וואס ער האט דאס ארונטער געלאזט צו דער ערד, איז עס וויא האלב געפאלען. באלד האט פון דעם בינטעל אויסגעבראכען א שוואכער וועה־געשרייא, און אין געכסטען אויגענבליק האט זיך בעוויעזען א קליינעס און אויסגעמאטערטעס ערשראקענעס געזיכט, מיט צווייא שעהנע אויגען.

„דוא האסט מיר וועה געטהאָן,“ האט געזאגט א צארטע קינדער־שטימע מיט א פאָרוואורף.

„ווירקליך?“ האט דער מאן געזאגט בעדויערענד, „איך האב עס ניט בע־אבזיכטיגט.“

ער האט דאן ארונטער גענומען דעם גרוין שאל, און פון דאָרט ארויס גע־וויקעלט א קליין מיידעלע פון א יאָהר פינף. זיא האט געטראָגען קליינע שעהנע שיכלעך מיט א רויט קליידעל און א ווייס פארטוכעל, וואס האט געגוי אָנגעצייגט א מוטער׳ס פאָרזיכטיגקייט.

דאס קינד איז געוועזן בלאס און אויסגעמאָגערט, אָבער איהרע הענטלעך און פיסלעך, האבען אונטערדעסען עדות געזאָגט, אז זיא האט וועניגער געליטען וויא דער מאן, איהר בעגלייטער.

„טהוט דיך נאך אימער וועה?“ האט ער געפרעגט בעזאָרגט, וועהרענד זיא האט געריבען איהרע גאָלדענע לעקעלעך אויף איהר קאָפּ.

„קוש מיך און עס וועט מיך אויפהערען וועה צו טהון,“ האט זיא געזאגט אין איין ערנסטען טאָן, צייגענדיג אויף איהר קאָפּ, וואו עס האט זיא גע־שמערצט.

ער האט צוגעבויגען זיינע פערטריקענטע ליפּען און זיא געקושט.

„אזוי פלעגט דיא מאמא טהון,“ האט זיא פאָרטגעזעטצט. „וואו איז מיין מאמא?“

„דיין מאמא? קינד! אָה יא, דיין מאמא איז אוועק געגאנגען און זיא וועט פארגאבט צוריק קומען.“

„אוועק געגאנגען?“ האט דאס קינד געפרעגט. „דיא מאמא איז אוועק גע־גאנגען? ווארום האט זיא זיך מיט מיר ניט געזעגנט. זיא פלעגט זיך אימער מיט מיר געזעגנען. און יעטצט, זעה, שוין דרייא טעג, זייט זיא איז אוועק געגאנגע־ערסטו, עס איז אזוי טריקען דאָ! איז נישטאָ אביסעל וואסער צו טרינקען אָדער עפּעס צו עסען?“

„ניין, מיין קינד, עס איז גאר נישטאָ. דוא וועסט מוזען זיין אביסעל גע־דולדיג, און דאן וועט זיין גוט. זעה, לייג צו דיין קאָפּ דאָ אויף מיר; אָט אזוי, יעטצט וועסטו פיהלען בעסער. זעהסטו, עס איז שווער צו רעדען ווען דיא ליפּען טרייען וויא לעדער... אָבער, מיין ליעבעס קינד, איך דענק, אז איך וועל דיר מיט־טהיילען דעם וואהרען צושטאנד. וואס האסטו דאָרט?“

דאס קינד האט אויפגעהויבען פון דער ערד צוויא גאָלד־שטיינער און אויס־גערופען:

„זעה נאָר זעה! וויא שעהן זייא זיינען! ווען איך וועל אחיים קומען וועל איך זייא געבען מיין ברודער׳ל.“

„יא, יא, מיין קינד, באלד וועסטו האבען נאך שעהנערע זאכען,“ האט ער געענטפערט. „ווייסטו וואס איך האב דיר געוואָלט זאגען? געדענקסטו ווען מיר זיינען אריבער דעם טייך?“

„אָה יא.“

„זעהסטו, מיר האבען גערעכענט, אז מיר וועלען באלד געפינען נאך א טייך. אָבער מיר האבען געהאט א טעות; אונזער קאָמפאס אָדער דיא לאנד־קארטע האט אונז אָבגענארט. וויא דיא זאך איז, קיין טייך האבען מיר ניט געפונען. דאס וואסער וואס מיר האבען געהאט, האט זיך אויסגעלאָזט. עס איז בלויז איבערגע־בליעבען אביסעל וואסער פאר דיר און...“

„יא, יא, איך געדענק,“ האט איהם דאס קינד אונטערבראָכען. „מען האט ניט געהאט מיט וואס זיך צו וואשען....“

„און אויך ניט צו טרינקען. מר. בענדער איז געוועזען דער ערשטער צו פאלען, נאך איהם איז געקומען דער אינדיאנער פיט, דאן מיסעס געקנרעגאָר, דאן דזשאהניע האָנז, און דאן, מיין קינד, דיין מאמא....“

דאס קינד האט געעפענט איהרע אייגעלעך, אויף איהר געזיכט האט זיך אויסגעדריקט א שרעקליכער שמערץ, און געמורמעלט:

„איך פערשטעה, יא, יא, דיא מאמא איז אויך טויט...“ איהר קעפעלע האט זיך אָנגעבויגען און זיא האט יעמערליך געוויינט.

„יא, מיין קינד,“ האט ער פאָרטגעזעטצט. „אלע זיינען אוועק, נאָר מיר ביידע זיינען געבליעבען. דאן האב איך געמיינט, אז מיר האבען א געלעגענהייט צו קריעגען וואסער אין דיעזער געגענד. איך האב דיך גענומען אויף מיינע שולטערן און מיר זיינען געגאנגען צוזאמען. עס זעהט אָבער אויס, אז איך האב וויעדער גע־האט א טעות, און איך וויים ניט וואס עס וועט ווייטער זיין.“

דאס קינד האט פלוצלינג אויפגעהערט צו וויינען און אויפהייבענדיג איהר קעפעל, האט זיא געפרעגט:

„דענקסטו, אז מיר וועלען אויך שטארבען?“

„אזוי רעכען איך, מיין קינד.“

„פאַר וואס־ושע האסטו מיר דאס פריהער ניט געזאגט?" האט זיא גע־פרענט אויסברעכענדיג אין א מונטערעם געלעכטער. „זעה נאָר וויא דוא האסט מיך דערשראָקען. ווען מיר וועלען שטארבען איז דאָך גוט, ווייל מיר וועלען וויעדער זיין צוזאמען מיט דער מאמא."

„יא, יא, מיין קינד."

„און דוא וועסט אויך זיין מיט אונז. ווארט, איך וועל איהר אלסדינג דער־צעהלען, וויא גוט דוא ביסט געווען צו מיר. איך וועט מיט דיר, אז מיר וועלען זיא דאָרט באלד בעגעגענען מיט א גרויסער קאן וואסער און א סך טאָרטען, ווארעמע און געשמאקע וויא זיא פלעגט אימער באקען. אָבער זאג מיר נאָר, וויא לאנג דאַרף דאס נאך געדויערן?"

„איך וויים ניט — אָבער ניט זעהר לאנג."

דער שטארקער מאן האט אָבגעווענדעט זיינע אויגען פון דעם קינד, זיא זאָל ניט זעהען זיינע טרערען. בליקענדיג צום הימעל, האט ער בעמערקט א סטארע רויב־פייגעל אָנקומענדיג פון דער וועסט־זייט. עס איז מערקווירדיג וויא דיזע רויב־פייגעל דערשרעקען זייערע אָפפער און קומען אָן אקוראט צור צייט, וואס דער טויט האט געליינט זיין סאלטע האנד איבער דיא אונגליקליכע וואנדערער אין דער מדבר. דער מאן האט גאנץ גוט פערשטאנען וואס דאס הייסט, נאָר דאס קינד האט אויסגעשריען:

„זעה נאָר זעה! העהנער מיט היהנער! זאָג מיר נאָר, האט גאָט אליין טאקי געמאכט דיעזעס לאנד?"

„אזוי רעכען איך," האט איהר בעגלייטער געענטפערט ערשטוינט איבער דיעזער פראגע."

„זעהסטו, ער האט געמאכט דאס לאנד אין אילינאיז און אין מיזשורי," האט זיא פאָרטגעזעטצט „נאָר דיעזעס לאנד גלויב איך, האט איין אנדערער גע־מאכט. דער מאבער דערפון, האט פערגעסען דא אריין צו ברענגען וואסער און בוימער."

זייא האבען אזוי געפלוידערט א היבשע צייט, ביז דאס קינד וואס האט זיך צוגעטולעט אויף זיין ברוסט, איז איינגעשלאָפע, זיך ווארפענדיג אין א פיעבער פון שרעק, הונגער און דורשט. דער וואנדערער האט אויף איהר געבליקט א היבשע צייט, און ער איז ענדליך אויך איינגעשלאָפען.

ווען ער וואָלט צו יענער צייט ניט איינגעשלאָפען און געבליקט פאָרווערטס, וואָלט ער געקענט בעמערקען פון גאנץ ווייט, וויא א לייכטער ווייסער שטויב האט

זיך אויפגעהויבען, דאַן איז ער געוואָרען גרעסער און דיקער, ביז ער האט זיך פער־וואנדעלט אין א גרויסען שטויב־וואָלקען.

ניין, דאס איז ניט געוועו פון קיין ווינט, זאָנדערן עס איז פעראורזאכט גע־וואָרען דורך וואנדערער. אלץ נעהנטער און נעהנטער איז געקומען דיא וואנדערענדע גרופע.

אן דער שפּיטצע זיינען געריטען א צוואנציג מענער, מיט ערנסטע און ענט־שלאָסענע געזיכטער; יעדער האט געטראָגען היימיש־געארבייטעטע קליידער און א ביקס אויף'ן אקסעל.

„דיא ברונענס זיינען דאָ אין דער רעכטער זייט, מיינע ברידער," האט איינער פון זייא געזאגט.

„רעכטס פון סיעררא בלאנקאָ," האט א צווייטער בעמערקט. „אויף דיעזער ארט וועלען מיר קענען גרייכען ריאָ גראנדע."

„האט קיין מורא ניט פאר וואסער," האט א דריטער אויסגעשריען, „ווייל דער וואס האט געקענט ארויס ציהען איינמאל וואסער פון א שטיין, וועט אויך יעטצט ניט פערלאָזען זיין אויסערוועהלטעס פאָלק."

„אָמן! אָמן!" האבען אלע איבריגע געענטפערט.

זייא האבען געוואָלט פאָרטזעטצען זייער רייזע, ווען א יונגער מאַן פון זיוא, האט בעמערקט דיא צווייא שלאָפענדע וואנדערער.

אנפאנגס האבען איינינע בעהויפּטעט, אז דאס מוז זיין אינדיאנער, נאָר דאַן האט איינער בעמערקט, אז עס איז אונמעגליך.

„ברודער סטאנגערסאָן," האט איינער געפרענט, „זאָל איך צוגעהען זעהען ווער דאָרט איז?"

איינינע אנדערע האבען זיך אויך אָנגעבאָטען.

„לאָזט דאָ צוריק איינינע פערדה," האט דער אנפיהרער געענטפערט, „און מיר וועלען אויף אייך ווארטען."

דיא יונגע לייט זיינען ארונטער געשפּרונגען פון דיא פערד און ארויף גע־לאָפען אויף דעם קליינעם בערגעל. דיא וואנדערער האבען ערוואכט. אָהנע אירגענד א בעמערקונג צו מאכען, האט איינער גענומען דאס מיידעלע אויף דיא הענד און דיא אנדערע האבען געהאָלפען דעם מאַן אויפצושטעהען, און זייא צונעפיהרט אונטען צו דיא וועגען.

„מיין נאמען איז דזשאהן פעררייער," האט דער אלטער פערוואנדערטער

וואנדערער ערקלערט. „איך און דיעזעס קינד, זיינען א טהייל פון 20 פערזאָנען. אלע אנדערע זיינען אויסגעשטאָרבען פון הונגער און דאָרשט."

„איז זיא דיין קינד?" האט איינער געפרעגט.

„יעטצט איז זיא מיין קינד," האט ער געענטפערט. „זיא איז מיינע, ווייל איך האב געראטעוועט איהר לעבען. קיין מענש וועט זיא פון מיר ניט אוועק נעהמען. פון היינט אָן און ווייטער, איז זיא לוסי פעררער. און ווער זייט איהר, מיינע הערען? עס שיינט, אז איהר זייט א גאנצע מאסע?"

„יא, באלד 10 טויזענד זעעלען," האט א יונגער מאן געענטפערט. „מיר זיינען די פערפאָלגטע גאָט'ס קינדער — די אויסערוועהלטע פון דעם מלאך מעראָנא."

„איך האב קיינמאל פון איהם ניט געהערט," האט דער וואנדערער געענט־פערט. „עס שיינט, אז ער האט אויסגעוועהלט א גאנצע פיינע חברה."

„שפּאָטע ניט פון קיין הייליגטהום," האט איינער געזאגט שטרענג. „מיר זיינען דיעזע וואס גלויבען אין די הייליגע כתבים, געגעבען אין עגיפּטען אויף גאָלדענע לוחות, און דאן האט מען די לוחות איבערגעגעבען צו דזשאָזעף סמיטה אין פּאלמירא. מיר קומען פון נאָוואו, אין שטאאט אילינאָיז, וואו מיר האבען גע־בויעט א טעמפּעל. מיר זיינען געקומען זוכען א מקום מנוחה און זיך שיטצען געגען רוצחים און גאָטלאָזע מענשען. ווען אונזער מקום מנוחה איז בעשטימט אין דער מדבר, וועלען מיר דאס אָקצעפּטירען."

דזשאהן פעררער, וויא עס שיינט, האט איהר אמאל דאריבער עפּעס גע־הערט.

„איך פערשטעה," האט ער געענטפערט, „איהר זייט די מאָרמאנען, וועלכע די רעגיערונג פערפאָלגט."

„יא, מיר זיינען די מאָרמאנען," האבען איינינע געזאגט אויף איינמאל.

„און וואוהין געהט איהר?" האט פעררער ווייטער געפרעגט.

„מיר ווייסען ניט. גאָט'ס האנד פיהרט אונז און דער פּערזאָן פון אונזער נביא, וועלכער געפינט זיך מיט אונז. דוא מוזט ערשיינען פאר איהם און ער וועט זאגען וואס מען קען מיט דיר טהון."

צו דיעזער צייט האבען זיך ארום געשטעלט מעהרערע מענער, א היבשע גרופּע שעהנע פרויען, און קליינע, פרעהליכע קינדער. ערבליקענדיג די פער־הונגערטע, האבען מעהרערע ארום געלאָזען א שוידערהאפטען געשרייא.

דזשאהן פערריער איז צוגעפיהרט געוואָרען צו א וואגען, וואו עס איז געזעסען א מאן, פון א יאָהר דרייסיג, און געלעזען א בוך. דער מאן האט געהאט זעהר א גרויסען קאָפּ און אויף זיין געזיכט איז געלעגען א וועלט מיט ענטשלאָססענהייט. ווען דיא מעננע איז צוגעקומען, האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און זיך גע־ווענדעט צו פערריער'ן.

„העך אויס,“ האט ער געזאגט, „ווען מיר זאָלען דיך נעהמען מיט אונז, דאן מוזסט ווערען איינער פון אונזער מיטע, אזא גלויביגער וויא מיר זיינען. מיר ווילען ניט האבען קיין וועלף אין אונזער סטאדע. עס איז בעסער דיינע ביינער זאָלען פערברענט ווערען פון דער זונן, איידער דוא זאָלסט ווערען דער פוילער פלאטץ אין אונזער קערפער. בעשטעהסטו אונז נאכצופאָלגען אונטער דיעזער בע־דינגונג?“

„איך רעכען, אז איך וועל געהען מיט אייך אונטער אירגענד א בעדינגונג,“ האט ער געענטפערט אזוי ערנסט, אז אלע ארום שטעהענדע האבען געשמייכעלט. בלויז דער נביא איז געבליעבען אונגעריהרט.

„נעהם איהם, ברודער סטאנגערסאָן,“ האט ער געזאגט, „גיב איהם עסען און טרינקען, וויא אויך דעם קינד. עס זאָל אויך זיין דיין אויפגאבע, איהם צו לערנען אונזער הייליגע אמונה. מיר האבען שוין צופיעל פערוויילט. פאָרווערטס! נאך ציון! נאך ציון!“

„פאָרווערטס! פאָרווערטס נאך ציון!“ האט דיא גאנצע גרופע מאָרמאנען געשריען, און דער ווידער־קול האט דומפּף אָבגעקלונגען איבער דער גרויסער וויסטע.

מיט א קנאקען פון דיא בייטשען און א קרעכצען פון דיא רעדער, האט זיך דיא קאראוואנע געריהרט פון פלאטץ, און באלד האט זיך אויסגעצויגען דיא גאנצע מחנה אין איהר מארש.

דער מאן, צו וועלכען דיא צוויא אונגליקליכע וואנדערער זיינען איבערגע־געבען געוואָרען, האט זייא אריינגעפיהרט אין זיין וואָגען, וואו עס האט זייא ער־ווארטעט א געשמאַקער מיטאג.

„איהר וועט דאָ בלייבען מיט מיר,“ האט סטאנגערסאָן געזאָגט, „אין איינינע טעג ארום, וועט איהר זיך האבען ערהאָלט פון אייער מיעדקייט און הונגער־ליידען. אָבער דאן, פערריער, געדענק, אז פון היינט אָן און וויטער, ביסטו איינער פון אונזער אמונה. בריגהעם יאָנג האט אזוי געזאָגט, און וויס, אז ער האט גע־

שפראָכען מיט דעם גייסט פון אונזער גרויסען נביא דזשאָזעף ס מ י ט ה, און דאס איז דיא שטימע פון גאָט."

איידער מיר געהען ווייטער מיט אונזער שילדערונג, געפינען מיר עס דאָ פאר נעטהיג צו געבען איין ערקלערונג איבער דיא מאָרמאנען. אָבער פאר אלעמען, וועלען מיר אויך מיטטהיילען דעם לעזער עטוואס איבער דזשאהן פעררייער. דיעזער מאן, וויא ער האט אליין געזאגט, האט בעלאנגט צו א גרופע, וואס האט גע־וואנדערט איבער דער מדבר, מיט דער אבזיכט צו גרייכען א פלאטץ וואו זייא זאָלען קענען געפינען גאָלד אָדער איין אנדערעס ווערטהפאָלעס מאטעריאל. זייא זיינען אונטערדעסען גיט געוועזען דיא ערשטע און אויך גיט דיא לעטצטע, וואס האבען זיך פערלוירען אין דיעזער שרעקליכער מדבר, און דאָרט אויסגעהויכט זייער לעטצטען אטהעם. לוסי, דאס קינד, האט בעלאנגט צו א פרעמדער פרוי, און דורך א צופאל, איז דזשאהן צוריק געבליעבען אלס איהר איינציגער בעזאָרגער. ער איז געוועזען א פראָסטער און איינפאכער ארבייטס־מענש, אָבער ער האט געהאט א גוטעס און ערדלעס הארץ און ער האט דיא הילפלאָזע יתומה'לע געליעבט וויא זיין איינען קינד.

יעטצט וועגען דיא מארמאנען.

אין דיא פעראייניגטע־שטאאטען האבען זיך צו פערשיעדענע צייטען געבילדעט פערשיעדענע רעליגיעזע סעקטען און פארטייען. לוים דער קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע־שטאאטען, האט יעדע רעליגיאָן א רעכט צו עקזיסטירען און ניעמאנד האט א רעכט צו שטערען יעמאנדען אין זיינע רעליגיעזע אנזיכטען.

עס איז פיעל צו רעדען איבער דעם גלויבען פון דיא מארמאנען, אָבער מיר ווילען בלויז בעמערקען, אז נאך אלעמען, זיינען זייא ניט מעהר וויא א קריסטליכע סעקטע. דערצו האבען זייא איין גלויבענס־ארטיקעל, צו וועלכען דיא אנדערע קריסטליכע אמעריקאנער, האבען בשום אופן גיט געוואָלט איינשטימען ער זאָל פראקטיצירט ווערען, אונגעאכטעט דארויף וואס דיא קאָנסטיטוציאָן ערלויבט אלעס אין רעליגיאָן.

דיעזער גלויבענס־ארטיקעל איז נעמליך, דיא פאָלינאמיע, אָדער פיעל־ווייבערייא. דיא מארמאנען גלויבען, אז וואס מעהר ווייבער א מאן האט, אלץ מעהר קינדער קען ער ברענגען אויף דער וועלט, און וואס מעהר קינדער ער ברענגט אויף דער וועלט, אלץ מעהר נשמות איז ער מתקן. זייא זאָגען, אז דיא נשמות וואנדערן ארום עלענד און אונגליקליך אין דער אונפערקערפערטער וועלט, און

ערוואַרטען מיט דער שמערצליכסטער אונגעדולד עס זאָל פאַר זייא געשאַפען ווערען א קערפּער.

דאַס איז דיא רעליגיעזע דאָגמאַ (עיקר אמונה) און דיא ראַדיקאַלע מאָר־מאָנען געבען נאָך איין אַנדערע ערקלערונג. זייא זאָגען, דאַס נאַכדעם יעדער מאַן איז בטבע א פּאָליגאַמיסט, דאַס הייסט, ער בענעטהיגט מעהר וויא איין פרוי, און אַזוי וויא רעליגיאָן אָדער געזעטץ ערלויבט איהם ניט צו האַבען מעהר וויא איין פרוי, איז ער געצוואונגען צו פערקעהרען מיט אַנדערע פרויען אויף א שענדליכער אַרט, פּראָסטיטוציאָן. דיא מאָרמאָנען וויעדער, ווילען ניט זיין קיין היפּאָקריטען און שלעכטע מענשען, דאַס הייסט, זייא ווילען ניט אונטערדריקען און דערשטיקען זייער נאַטור פאַר דער פאַלשער עפענטליכער מיינונג.

צו דיעזען צוועק, הייראַטהען זייא מיט מעהרערע פרויען, לויט דער בעדירפ־טינקייט פון זייער נאַטור, און יעדע פרוי ווערט אַנערקענט אַלס א געזעטצליכעס ווייב און דיא פריכטע פון איהר ליעבע אַלס געזעטצליכע קינדער.

דאַס איז געווען דיא אורזאַכע, וואָס דיא מאָרמאָנישע רעליגיאָן האַט אין א קורצער צייט געמאַכט א גרויסען פּאָרטשריט, און אויך דיא אורזאַכע, וואָרום דיא פרומע נשמות, נלחים און אַלטע בתולות, האַבען פּראָטעסטירט דאַגעגען.

דאַס האַט אַזוי ווייט געפיהרט, אַז זייא זיינען מעהרערע מאָל בעפאַלען גע־וואָרען, בערויבט און ערמאָרדעט.

דיא מאָרמאָנען, זאָנסט זעהר פלייסיגע און אַרבייטסזאַמע מענשען, האַבען בעשלאָסען צו פערלאָזען זייער היימאַטה און געהען זוכען א נייע. זייא האַבען צו דיעזען צוועק דורכגעקרייצט דיא מדבר און אונטער דער אַנפיהרערשאַפט פון זייער נביא און היילינען, זיינען זייא נעגאַנגען זוכען א מקום מנוחה, וואָס זייא האַבען אַנפאַנגס אָנגערופען ציון. זייער אַבזיכט איז געווען, צו געפינען א פּלאַטץ, דער־ווייטערט פון דער זאָגענאַנטער ציוויליזאַציאָן, דאַמיט זייא זאָלען פון קיינעם גע־שטערט ווערען.

2.

# דיא בלומע פון יוטאה.

דאָ איז ניט דער פּלאַטץ אָבצושילדערן אַלע איינצעלהייטען פון דיא וואַנדערענדע מאַראַנען. מיר וועלען בלויז בעמערקען, אַז זייא האָבען ענדליך, נאָך פיעל מיה און ליידען, געפונען זייער מקום מנוחה.

פון דיא ברעגעס פון דעם מיססיסיפּי טייך ביז צו דיא פעלזען פון דיא ראָקי מאָונטאַנז, האָבען זייא געפיהרט אַ קאַמפּף מיט אַלעמען: מיט דיא ווילדע אינדיאַנער, פאַנאַטישע אַמעריקאַנער, ווילדע חיות, הונגער, דאָרשט, מיעדקייט און קראַנקהייט — אָבער אַלעס זיינען זייא איבערגעשטאַנען, גראַדע וויא דיא אידען אַמאָל אין דער אַראַבישער מדבר, און זייא האָבען ענדליך ערדייכט זייער ציעל.

אונטערדעסען מוז מען צוגעבען, אַז דיא לאַנגע און געפעהרליכע רייזען, האָבען סוף־כל־סוף געווירקט אַפילו אויף זייערע בראַווסטע מענער. עס איז ניט געוועזען קיין איינציגער וואָס האָט ניט ניעדערקניעט אין טהאָל פון יוטאַה, און געדאַנקט גאָט וואָס דיא שרעקליכע וואַנדערונג האָט ענדליך אויפגעהערט.

דער טהאָל פון יוטאַה! דאַס איז געוועזען אַ הערדליכע געגענד. אַ לאַנגע, ברייטע און פלאַכע שטרעקע, אָנגעצויגען אין קאָלירטע בלומען־קליידער, און פערטרונקען מיט זונענשטראַהלען, האָט זיך אויסגעברייטעט פאַר זייערע אויגען. זייער נביא און אַנפיהרער האָט זייא בעקאַנט געמאַכט, אַז דאָס איז דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט זייא געגעבען.

בריגהעם יאָנג, האָט באַלד אַרויס געוויעזען, אַז ער קען זיין ניט נאָר אַ נביא און אַנפיהרער, זאָנדערן אויך אַ טיכטיגער אַדמיניסטראַטאָר. וויא אַ געניטער אַרכיטעקט האָט ער אויסגעצייכענט אַ לאַנד־קאַרטע, ענטוואָרפען פּלענער און געצייכנט וואו דיא קינפטיגע שטאָדט דאַרף שטעהען. אַרום־און־אַרום האָט ער פערטהיילט דאָס שעהנע לאַנד פיר ערד־אַרבייט. דאַן האָט ער איינגעריכטעט דעם סוחר בייא זיין מסחר, דעם אַרבייטער בייא זיין מלאכה און יעדען איינעם צו וואָס ער איז געוועזען פעהיג.

דיא שטראַסען, הייזער און שעהנע געביידען, זיינען ערשיענען וויא דורך אַ צויבער, גערטנער זיינען געפלאַנצט געוואָרען, דיא פעלדער פערזעעט, און אין אַ

יאָהר צייט, האט דיא גענענד, וואס איז פיעללייכט ניעמאלס נאך בעוואָהנט געוועזן פון מענשען, אויסגעזעהען אלס איינער פון דיא טהעטיגסטע פּלעטצער אויף׳ן ערד־קוגעל.

אין מיטעלפּונקט פון דער שטאָדט, איז עררייכטעט געוואָרען דער טעמפּעל, אָדער בית־המקדש, און דאס האט פאָרגעשטעלט א וואונדער פון אלטער און מאָדערנער ארכיטעקטור.

דיא צוויא גערעטעטע וואנדערער, דזשאהן פעררייער און דאס קליינע מיידעלע לוסי, האבען געטהיילט דעם רעסט פון דער וואנדערונג מיט דיא מאר־מאנען, און ווען זייא זיינען אהין אָנגעקומען, זיינען זייא פעררעכענט געוואָרען אלס מיטגליעדער פון דער קאָמונע.

לוסי האט ניט בעדארפט געהען צו פוס. זיא איז געפאהרען אין סטאנגער־סאָן׳ס וואָגען, וואו עס זיינען געוועזן זיינע דרייא ווייבער און א זוהן פון א יאָהר 12, וועלכער איז געוועזן א בראווער קליינער יונג.

מיט איהר קינדישע נאטור, האט זיא זיך שנעל ערהאָלט, דאן לאנגזאם פערגעסען אן איהר מוטער און זיך צוגעוואָהנט צו דיא נייע אומשטענדען.

וואס עס אנבעלאנגט פעררייער׳ן, נאכדעם וויא ער האט זיך געשפּירט גע־קרעפטיגט, האט ער זיך אויסגעצייכענט בייא דיא מארמאנען מיט זיין שארפזינן און טיכטיגער יעגער. ער האט אזוי שנעל געקריגען דאס צוטרויען פון דיא מאר־מאנען, דאס וויא זייא האבען נאָר זייער ציעל עררייכט, איז עס געבליעבען, אז ער זאָל נעהמען א גלייכען אנטהייל אין לאנד, גראדע וויא יעדער אנדערער.

בייא דער פערטהיילונג פון לאנד, האבען פאָלגענדע פיער מענער געמאכט איין אויסנאהמע: יאָנג, דער נביא און אנפיהרער, סטאנגערסאָן, קימבאל און דרעבבער. זייא האבען גענומען א גרעסערן חלק, וויל זייא זיינען געוועזן דיא זקנים אָדער פיהרער.

דזשאן פעררייער, אָבוואָהל ניט אין גאנצען איינפערשטאנען מיט דער מאר־מאנישער רעליגיאָן, איז ער אָבער געוועזן פאָלקאָמען צופריעדען מיט זיין נייער לאנע. ער האט פלייסיג געארבייט, זיך אויפגעבויעט א שעהנעס הויז, געפלאנצט א העררליכען גארטען, פערזעעט זיין פעלד, און אין 3 יאָהר צייט, איז ער געוועזן א פאָלקאָמען אונאבהענגיגער מענש. אין 12 יאָהר ארום, איז ער געוועזן גערעכענט אלס איין עושר פון סאָלט לייק סיטי.

וואס עס אנבעלאנגט דיא מארמאנען, האט ער מיט זייא גאנץ פריעדליך געלעבט, און בלויז איבער איין פונקט האט ער מיט זייא ניט געקענט איינשטימען.

ניעמאנד האט איהם געקענט בעוועגען ער זאָל חתונה האבען, זיך נעהמען א פאאר ווייבער און ברענגען קינדער אויף דער וועלט. קיין אורזאכע דעריבער, האט ער ניט געוואָלט עבען.

לוסי פעררייער איז אויפגעוואקסען וויא א שעהנע בלום, געבען איהר נייעם פאטער, און זיא האט איהם אין אלעמען געהאָלפען.

זיא איז געווען א זעלטענעס מעדכען; יונג, שעהן, שטארק און לעבהאפט. זיא האט געקענט רייטען אויף דעם ווילדעסטען פערד, און איהר שוס מיט דער ביקס, איז געווען אונפעהלבאר.

פעררייער האט זיא געליעבט וויא א טאָכטער, פריינדין, טרייסטערין אויף זיינע אַלטע יאָהרען. ווען דיעזע בלום איז צייטיג געוואָרען, האט דאס פעררייער ניט בעמערקט. עס איז אויך זעלטען דער פאַל, אז א פאטער זאָל דאס זעהען. נאך מעהר, לוסי זעלבסט, האט עס אויך ניט געשפירט. דאפיר אָבער האבען עס דיא שכנים יא בעמערקט.

עס איז געווען אין א ווארעמען יוני־טאָג, ווען עס איז געפייערט געוואָרען א גרויסער מארמאָן יום־טוב. דיא מארמאנען זיינען געווען יום־טוב'דיג געקליידעט און א פרישע מונטערקייט האט געהעררשט איבעראַל. עס איז אויך געווען צו יענער צייט, ווען דיא גרויסע און רייכע גאָלד־פעלדער אין קאליפאָרניא, זיינען ענטדעקט געוואָרען.

מענשען זיינען געלאָפען אהין פון אלע וועלט־טהיילען, אָבער ניט פער באהן, ווייל קיין לאָקאמאָטיוו האט נאך ביז דאמאלס דורכגעקרייצט יענע געגענד. עס זיינען געגאנגען לאנגע רייהען טויל־עזלען, וואו דיא וואנדערער האבען געפיהרט זייער פראָוויאנט, און סאָלט לייק סיטי, דיא מארמאנען שטאָדט, האט געדיענט פאַר זייא אלס א סטאציאָן.

צווישען א גרויסע מטנגע מענשען, האט לוסי געשוועבט אויף א מעכטיגעס פערד אין שטאָדט אריין, וואוהין זיא איז געפאָהרען מיט איהר פאטער'ס א שליחות. דיא מיעדע און פערשטויבטע וואנדערער האבען געבליקט מיט ערשטוינען אויף איהר שעהנעס און פערפלאָמטעס געזיכט, און זאָגאר דיא גלייכגילטיגע אינדיאנער, וועלכע האבען מיטגערייזט, האבען זיך אויך געמוזט אומקוקען.

ווען זיא איז צוגעקומען צום איינגאנג פון דער שטראָט, האט זיא געמוזט בלייבען שטעהען, ווייל דער וועג איז פערשטעלט געוואָרען דורך איינינע סטאדעס בהמות, וואס האבען צוריק געקעהרט פון דיא פעלדער. זיא איז אָבער געווען אונ־געדולדיג און האט טראָטין דעם זיך ארייננעדרענגט צווישען דיא בהמות. איינינע

ווילדע בוהייעס מיט גרויסע הערנער, דערזעהענדיג דאס פערד, זיינען זייא צונע־לאָפען מיט דער אבזיכט צו לעבערן דאס פערד. לוסי, אלס געניטע צווישען בהמות, האט מיט איהר קורצער בייטש מייסטערהאַפט צוריק געטריעבען דיא בוהייעס. דאס אלעס האט אָבער פעראורזאַכט א גרויסען שטויב, דאס פערד האט זיך דערשראָקען און זיך אויפגעשטעלט אויףביידע הינטערשטע פיס.

לוסי האט זיך פעסט געהאַלטען, נאָר דיא בוהייעס, קריעגענדיג מעהר מוטה, זיינען זייא נאך אמאל צוגעשפרונגען. עס איז געווען א קריטישער מאָמענט און לוסי האט איהם געשפירט.

פלוצלינג האט זיא דערהערט א פערזיכערענדע מענער־שטימע אויס־שרייען:

„פריילײן! האלט זיך פעסט! איך קום צו היקף!“

דאן האט יעמאַנד אָנגעכאַפּט דאס פערד בייא דיא לייצעס, און אין א מינוט ארום איז זיא געווען ארויס געפיהרט פון געפאהר.

„איך וויל האָפען, אז איהר זייט חלילה ניט פערוואונדעט,“ האט איהר רעטער געזאגט מיט א העפליכער שטימע.

זיא האט זיך אומגעקוקט, בעמערקט פאר זיך א יונגעס, אָבער דונקלעס און ווילדעס געזיכט. זיא האט אונטערדעסען אָנגעהויבען צו לאַכען און געענט־פערט:

„איך בין גאַנץ גוט דערשראָקען! געהערט א געשיכטע, ווער האט זיך פאָרגעשטעלט, אז מיין פערד פאַנקאָ, וועט זיך אזוי דערשרעקען פאר אָקסען!“

„דאנקען גאָט וואס איהר האט זיך געהאַלטען אויף'ן זאָטעל“, האט דער יונגער מאן בעמערקט. ער איז געווען א מערקווירדיגער גרויסער מאַן, געזעסען אויף א מעכטיגעס פערד, געטראָגען יעגער־קליידער און אויף זיינע שולטער איז געהאַנגען א ביקס.

„זייט איהר ניט דיא טאָכטער פון דזשאהן פעררייער?“ האט ער פלוצלינג געפרעגט. „איך האב אייך געזעהען ארויס רייטען פון זיין וואָהנונג ווען איהר ווערט אהיים קומען, פרעגט איהם אויב ער געדענקט נאך דיא פאַמיליע דזשעפערסאָן פון סט. לואיז. ווען ער איז דערזעלבער פעררייער, דאן איז מיין פאטער און ער, געווען געשוואוירענע גוטע ברידער.“

„איך מיין,“ האט לוסי געענטפערט גאַנץ אונשולדיג. „עס וואָלט גלייבער געווען איהר זאָלט אליין אריבער קומען.“

דער יונגערמאן האט אויך געהייסען דושעפערסאָן האָופּ. ער האט זיך אויפ־געהאלטען אין דער אומגעגענד זייט עטליכע מאָנאט און זיך בעשעפטיגט מיט יאגד. דורך א צופאל האט ער געהערט פון דזשאהן פעררעיער און איבער זיין טאָכטער.

ער האט לוסי'ס איינלאדונג אָנגענומען, און ווען ער האט זיך בעקאנט מיט דזשאהן פעררעיער, איז צווישען זייא ענטשטאנדען א גרויסע פריינדשאפט. לוסי האט אויך געליעבט דעם שטארקען און בראווען יונגען מענשען. פעררעיער איז ניט געווען דאגעגען אזא פעראייניגונג.

אזוי זיינען פאָראיבער נאך מאָנאטע, און אין א פארנאכט, איז דזשעפערסאָן האָופּ צוגעקומען רייטענדיג צום הויז פון דזשאהן פעררעיער. לוסי איז געשטאנען בייא דער טהיר.

„איך פאָהר אוועק, לוסי", האט ער געזאגט מיט א ציטער אין זיין שטימע. „יעטצט וויל איך דיך ניט בעטען דוא זאָלסט מיטפאָהרען. אָבער ווען איך וועל צוריק קומען, וועסטו זיין בערייט מיך גליקליך צו מאכען?"

„און ווען קומסטו צוריק?" האט זיא געפרעגט לאכענדיג, אָבער רויט ווערענדיג.

„העכסטענס אין א פאאר מאָנאט ארום. יא, מיין שעהנע לוסי, איך וועל קומען דיך צו פאָדערן. ניעמאנד דארף שטערען אונזער גליק."

„און וואס זאָגט מיין טאטע?"

„ער האט איינגעשטימט, אָבער מיט א בעדינגונג, דאס הייסט, איך זאָל פריהער זיכער זיין, אז איך קען פאר דיר זאָרגען, אָבער דאס זאָל דיך ניט קימערן. איך פאָהר יעטצט צום לעטצטען מאל נעהמען אין בעזיטץ א מינע וואס וועט מיך מאכען זעהר רייך."

ער איז ארונטער געשפרונגען פון פערד, און זיא האט בעמערקט:

„ווען דער טאטע איז צופריעדען ..."

זער האט זיא אומארמט, געקושט און געמורמעלט:

„איך דאנק דיר, מיין טהייערע..."

זיינע אויגען האבען זיך אָנגעפיללט מיט טרערען פון גליק.

דאן האט ער זיך לאנגזאם בעפרייעט און בעשטייגענדיג זיין פערד, איז ער פערשוואונדען געוואָרען.



# דער נביא לאָזט זיך הערען.

דרייא וואָכען זיינען פּאַראיבער, זייט דזשעפערסאָן האָופּ און זיינע קאַ־מעראַדען זיינען אַוועק געפאָהרען פון סאָלט לייק סיטי, אום דיא מינע צו זעטצען אין אָרדנונג. דזשאהן פעררייער האט זיך געפרייט מיט א ציטער, ווען ער האט זיך דערמאָהנט, אז דזשעפערסאָן וועט זיך אומקעהרען און פון איהם אוועק נעהמען זיין אויפגעצויגענע טאָכטער, וואס ער האט געליעבט וויא זיין לעבען.

אָבער לוסי'ס מונטערעס געזיכט האט איהם איבערצייגט, אז זיא וועט גליק־ליך זיין און דאס האט איהם געטרייסט. ער איז זאָנסט אויך געוועזען זעהר צופריעדען מיט דיעזער ווענדונג, דען ער האט שוין לאנג בעשלאָסען, אז זיין טאָכטער זאָל ניט הייראטהען מיט קיין מאָרמאָן. דער אמת איז, אז דיא גאנצע מאָרמאנישע רע־ליגיאָן איז איהם אפילו יאָ געפעלען, נאָר דיא אידעע פון הייראטהען א סך ווייבער, האט ער ניט געקענט אקצעפּטירען. אָבער, נאַטירליך, האט ער ניט געדארפט וואגען צו עפענען זיין מויל און ארויס זאָגען אזא מיינונג.

אזא שריט וואָלט אויך געוועזען א געפעהרליכער דאָרט, אין מיטעל־פּונקט פון מאָרמאָנישער מאכט, און ניט נאָר ער, זאָנדערן אירגענד איין איינפלוסרייכער מאָרמאָן וואָלט געקענט ביטער ליידען, ווען ער וואָלט געוואגט זיך ענטקעגען צו שטעלען דיא איינגעפיהרטע רעליגיעזע מיינונג.

דער מאָרמאָניזמוס האט געהאט איינגעריכטעט זיינע שפּיאָנען, און וועה דעם, אויף וועמען עס איז געפאלען א פערדאכט. דיא ראכע איז דאן געקומען שנעל, פּינקטליך, אונערווארטעט און שרעקליך.

איין איבעראיילטעס וואָרט, איין אונאיבערלייגטער שריט, האט זעהר לייכט געקענט פיהרען דערצו, מען זאָל פערשווינדען ווערען און קיין מענש זאָל וויסען וואס עס איז געוואָרען פון דעם אונגליקליכען.

איבערהויפּט האט יעדער מאָרמאָן, צופריעדען אָדער אונצופריעדען מיט דיא האנדלונגען פון דיא איבריגע, בעדארפט שווייגען, און קיינע בעמערקונגען מאכען.

דאס איז געוועזען דערפאר, וואס דיא פּאָליגאמיע האט געפיהרט צו דיא שרעקליכסטע טהאטען. דיא מענער האבען בענעטהיגט ווייבער אום אָנצופילען זייערע

הארעמען. א רייכער מאַרמאַן האט זיך ניט געקענט צופריעדען שטעלען מיט צווייא אָדער דרייא פרויען, ער האט געמוזט האבען מעהר. און אזוי וויא דיא פרויען בעפעלקערונג איז דאָך ניט גרעסער געווען, האט מען געמוזט אַנווענדען פערשיעדענע מיטלען אום דיעזען ציעל צו ערהייכען. אזוי צום ביישפיעל, האט מען געפונען פיעלע מענער־רייזענדער טויט, וועהרענד דיא פרויען זיינען פערשוואונדען געוואָרען. עס איז קיין צווייפעל, אז דיעזע פרויען האבען ערזעטצט דעם צאָהל פון דיא פרויען אין דיא מאַרמאָנען הארעמען.

מיט דער וואקסענדער מאכט פון דיא מאַרמאַנען, איז אויך געוואקסען זייער פינסטערער פאנאטיזמוס און פעראורזאכט דיא שוידערהאפטעסטע מאָרדען. אָבער, נאטירליך, ניעמאנד האט געוואוסט וועמעס הענד עס זיינען פערפלעקט מיט בלוט.

אין א פריה־מאָרגען, וועהרענד דזשאהן פעררימר האט געוואָלט ארויס געהן צו בעטראכטען זיין ווייץ־פעלד, האט זיך געהערט א קלאפּ בייא דער קלאמקע פון דער טהיר. ארויס קוקענדיג פון פענסטער, האט ער בעמערקט א פעסט־געבויעטען מיטעל־יעהריגען מאַן שטעהענדיג נעבען זיין הויז.

פעררימר איז אויפגעציטערט געוואָרען. עס איז געוועזען ברייהעם יאָנג אליין. פעררימר האט זיך געמערקט, אז אזא בעזוך בעדייטעט קיין גוטעס. אונטערדעסען איז ער ענטקעגען געלאָפען אום איהם צו עמפפאנגען.

יאָנג האט דיא בעגריסונג אַנגענומען קאלטבליטיג, און מיט א בעפעהלענדען טאָן, האט ער איהם געהייסען געהן פאָראויס צום עמפפאנג־צימער. פעררימר האט בעפאָלגט.

„ברודער פעררימר,“ האט ער אָנגעפאנגען נאכדעם וויא ער האט זיך געזעטצט. „דיא וואהרע גלויבינגע, דאס הייסט, אלע אונזערע ברידער, זיינען געווען אייערע גוטע פריינד. מיר האבען אייך אויפגעהויבען אין דער מדבר, ווען איהר זייט דאָרט געלעגען שטארבענדיג פון הונגער; מיר האבען מיט אייך געטהיילט אונזער שפּייז, אייך ארויס געפיהרט אין דעם אויסגעוועהלטען טהאָל, אייך געגעבען א היבשען טהייל לאנד, און אייך געגעבען אלע מעגליכקייטען צו ווערען רייך. איז דאס וואהר?“

„יא, עס איז וואהר,“ האט פעררימר געענטפערט.

„אלס בעלוינונג דערפאר, האבען מיר בלויז געפאָדערט איין בעדינגונג, דאס הייסט, איהר זאָלט אננעהמען אונזער אמונה און דורכפיהרען אלע אונזערע

טנהנים. דאס האט איהר פערשפראָכען צו טהון; אָבער דאס, לויט וויא איך האב ערפאהרען, טהוט איהר ניט."

„און ווער זאָגט עס, אז איך האב עס ניט געטהאָן?" האט פעררימער גע־זאָגט פאסענדיג מוטה. „האב איך ניט בייגעשטייערט צום אַלגעמיינעם וואָהל? האב איך ניט רעגעלמעסיג בעזוכט דעם טעמפעל? האב איך ניט — ?"

„וואו זיינען אייערע ווייבער?" האט יאָנג געפרעגט איהם אונטערברעכענדיג און זיך אויסקוקענדיג. „רופט זייא אריין, דאמיט איך זאָל זייא זעהען."

„דאס איז אמת, אז איך האב ניט געהייראטעט," האט פעררימער געענטפערט. „אָבער עס איז ניט מיין שולד; עס זיינען פערהאנדען ווענינ, און דאן זיינען דאָ בילכירע וויא איך. איך בין יעדענפאלס ניט געווען איינזאם, איך האב געהאט מיין טאָכטער, זיא זאָל אויף מיר אכטונג געבען."

„ריכטיג, עס איז טאקי וועגען אייער טאָכטער וואס איך וויל רעדען," האט דער נביא געזאגט. „זיא איז אויפגעוואקסען, געוואָרען דיא בלום פון יוטאה און האט נושא חן געווען אין דיא אויגען פון פיעלע אנגעזעהענע מענשען אין לאנד."

דזשאהן פעררימער איז בלאס געוואָרען, אָבער ניט גערעדט קיין וואָרט.

„עס זיינען דאָ געשיכטען איבער איהר," האט דער נביא פאָרטגעזעטצט, „וועלכע איך וויל ניט און קען ניט גלויבען — דאס הייסט, אז זיא איז פערלאָבט צו איין אונגלויבינגען. געדענקט איהר דיא 13טע רעגעל אין געזעטץ־בוך פון הייליגען דזשאָזעף סמיטה? דאָרט שטעהט אזוי: „יעדע בתולה פון וואהרען גלויבען, זאָל חתונה האבען מיט א מאן פון דעם וואהרען גלויבען; ווייל, ווען זיא האט חתונה מיט איין אונגלויבינגען, בענעהט זיא א גרויסע זינד." נאכדעם דאס איז דער פאל, קענט איהר ניט, אלס איינער פון דיא גלויבינע, ערלויבען, אז אייער טאָכטער זאָל חתונה האבען נעגען דעם דין."

דזשאהן פעררימער האט ניט געענטפערט, נאָר בלויז געשפיעלט מיט זיין ביימש אין זיינע נערוועזע פינגער.

„אויף דיעזען פונקט זאָל אייער גלויבען פראָבירט ווערען," האט דער נביא פאָרטגעזעטצט. „אזוי איז עס אויך בעשלאָסען געוואָרען בייא דער הייליגער בע־ראטהונג. דאס מיידעל איז יונג, און עס איז ניט נויטהווענדיג צו וואַרטען, ביז זיא וועט ווערען אלט. זיא זאָל אין דערזעלבער צייט אויך האבען א רעכט צו וועהלען. אָט צום ביישפיעל, האט סטאנגערסאָן א זוהן און דרעבבער א זוהן, און אייער

מאכטער קען זיך אויסקלייבען וועלכען זיא וויל. זייא זיינען יונג, רייך און פרום. וואס נאך קען מען פערלאנגען ?"

פעררי‏ער האט נאכגעדענקט עטליכע סעקונדען, דאן האט ער געזאגט :
„איהר מוזט אונז געבען צייט. מיין טאכטער איז נאך זעהר יונג, און מען מוז זיך איבערלעגען."

„איהר זאלט האבען א מאנאט צייט," האט דער נביא געענטפערט זיך אויפהייבענדיג. „צום שלום פון דיעזער צייט, זאלען מיר האבען א בעשטימטען ענטפער."

צוגעהענדיג צו דער טהיר, האט ער זיך אומגעקוקט און בעמערקט מיט בליטצענדע אויגען :

„דזשאהן פעררי‏ער, עס וואלט בעסער געווען פאר אייך, ווען אייערע ביינער וואלטען זיך יעטצט געשפיענעלט אין דער ברענענדער זון פון דער מדבר! יא, יא, עס וואלט בעסער געווען, איידער איהר זאלט זיך ערהעבען געגען דעם ווילען פון דעם הייליגען ראטה!"

יאנג איז אוועק און פעררי‏ער איז געבליעבען זיטצען וויא צוגענגעלט. באלד נאכדעם איז ערשיענען לוסי. דיא בלאסקייט אויף איהר געזיכט, האט איבערציינט איהר פאטער, אז זיא האט געהערט אלסדינג וואס עס איז פארגעגאנגען.

„אך, פאטער, פאטער!" האט זיא אויסגעשריען וועהמיטהיג, „וואס זאלען מיר טהאן?"

ער האט זיך אויפגעהויבען, זיא אומארמט און געזאגט טרייסטענדיג :
„רוהיג, רוהיג; מיר וועלען שוין זעהען וואס עס איז צו טהון, אום לויז צו ווערען."

„אבער פאטער, מיר זיינען אליין, דזשעפערסאן האופ איז נישטא.... דאן האב איך מורא פאר דיר, ווייל יעדער איינער וואס שטעלט זיך ענטקעגען דעם נביא..."

„נארישקייטען," האט ער געזאגט זיא אונטערברעכענדיג. „מיר האבען זיך איהם נאך ניט ענטקעגען געשטעלט. מיר האבען נאך א מאנאט צייט, און ביז דאמאלס וועלען מיר פערלאזען יוטאה."

„וואס רעדסטו? און דאס לאנד?"

„איך וועל דארויף לייען אזוי פיעל געלד וויא נאר מעגליך, און דאס איבריגע וועל איך איבערלאזען. דער אמת איז, אז פון היינט אן און וועיטער, בין איך

שוין דאָ מעהר ניט זיכער מיט מיין לעבען. אָבער פאָרלויפיג רוהיג, אין פיער וואָכען קען נאָך פיעל געשעהען.“

דזשאהן פעררייער האט אונטערדעסען אין דיעזען טאָג שווער געארביים מיט לוסי׳ן צוזאמען, אום אויסצורייניגען זיינע געוועהרען, אלעס אנלאָדען און זיין פאָר־בערייטעט.

4.

# דיא רעטונג.

אויף׳ן אנדערן טאָג, נאָך דעם בעזוך פון דעם נביא, האט פעררייער בעזוכט סאָלט לייק סיטי, דאָרט האט ער געטראָפען א פערטרויעטע פערזאָן, מיט וועלכער ער האט מודיע געוועזן דזשעפערסאָן האָופ וויא עס שטעהט מיט איהם. פעררייער האט געהאט א מערקווירדיגעס צוטרויען אין זיין טאָכטער׳ס חתן, און נאכדעם וויא ער איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזער שליחות, האט ער זיך געשפירט בע־רוהיגט.

ווען ער האט וויעדער צוריק געקעהרט אהיים, איז ער געוועזען ערשטוינט צו בעמערקען צווייא פערד צוגעבונדען צו דיא טויערן פון זיין הויף. ער איז אָבער נאָך מעהר ערשטוינט געוואָרען, ווען ער איז אריין אין הויז און דאָרט געטראָפען זיטצען צווייא יונגע לייט.ביידע האבען בעגריסט פעררייער׳ן בייא זיין איינטרעטען, און איינער האט בעמערקט:

„עס איז מעגליך, אז איהר קענט אונז ניט. דער וואס זיטצט דאָ, איז דרעבבער׳ס זוהן און איך בין דער זוהן פון סטאנגערסאָנע, וועלכער האט גערייזט מיט אייך אין דער מדבר, ווען גאָט האט אויסגעשפרייט זיין האנד און צוזאמען גע־נומען דיא וואהרע גלויביגע זייא צו פיהרען אין גליקליכען לאנד. מיר זיינען אהער געקומען, וויל אונזערע פאטער׳ס האבען אונז אהער געשיקט, צו פערלאנגען אייער טאָכטער׳ס האנד. זיא מעג זיך אויסקלייבען וועלכען זיא וויל פון אונז ביידע. אזוי וויא איך האב נאָר פיער ווייבער און ברודער דרעבבער האט זיעבען, גלויב איך, אז עס איז ניט מעהר וויא א יושר, זיא זאָל מיט מיר הייראטהען.“

„ניין, ניין, ברודער סטאנגערסאָן,“ האט דרעבבער געזאגט, „מיין פאטער האט מיר איבערגעגעבען זיין פאבריק און איך בין רייכער. עס איז אלוא יעטצט קיין פראגע ניט פון דער צאָהל פון דיא ווייבער, זאָנדערן וויפיעלע מיר קענען אויס־האלטען.“

„אָבער מיינע אויסזיכטען זיינען בעסערע,“ האט סטאנגערסאָן געענטפערט.
„ווען נאָט אין זיין רחמנות וועט צונעהמען מיין פאטער, וועל איך זיין דער בעל־הבית פון זיין גערבערייא און לעדער־פאבריק. דאן וועל איך אויך זיין א פאָר־שטעהער און א פיהרער אין טעמפעל.“

„וואס דארפען מיר פלוידערן?“ האט דרעבבער געזאָגט זיך אויפהויבענדיג. „דיא בתולה אליין זאָל זאָגען ווער עס פאסט איהר אמבעסטען.“

וועהרענד דער גאנצער צייט, איז פעררייער געשטאנען און געברענט מיט צאָרן. ער האט זיך אָבער צוריק געהאלטען מיט אלע זיינע כוחות און בעמערקט אזוי רוהיג וויא נאָר מעגליך:

„הערט אויס, יונגע לייט, ווען מיין טאָכטער וועט אייך רופען, זאָלט איהר קומען, אָבער ביז דאמאלס וויל איך אייך ניט זעהען פאר דיא אויגען.“

ביידע יונגע מענער זיינען געוועזען ערשטוינט. פון זייער שטאנדפונקט אויס, האבען זייא געהאנדעלט וויא דיא גרעסטע עהרען־מענער. זייא זיינען געבליעבען שטעהען און ניט געוואוסט וואס צו טהון. זייער צענערונג האט פעררייער'ן נאך מעהר אויפגערעגט.

„עס זיינען דאָ צווייא וועגען מען זאָל ארויס פון דעם צימער!“ האט ער געשריען. „איינער דורך דער טהיר און איינער דורך דעם פענסטער — וועלכען וועג ווילט איהר וועהלען?“

שטילשווייגענד זיינען זייא ביידע ארויס דורך דער טהיר און פעררייער האט זייא נאכגעפאָלגט לאבענדיג און שפאָטיש.

איהר זאָלט דאס בערייהען,“ האט סטאנגערסאָן געזאָגט בלאס פון צאָרן. „איהר האט געשפאָטעט פון דעם נביא און פון דעם הייליגען ראטה. יא, יא, איהר וועט דאס בערייהען ביז אין טויט אריין!“

„גאָט'ס האנד זאָל אייך טרעפען!“ האט דרעבבער געשריען.

דער אלטער פעררייער האט קיין וואָרט געזאָגט, זאָנדערן צוריק געלאָפען אין הויז און געכאפט זיין ביקס. אָבער לוסי האט איהם צונעהאלטען און מיט טרערען אין דיא אויגען האט זיא איהם געבעטען צו זיין רוהיג.

„איך וואָלט דיך בעסער געוואָלט זעהען טויט, איידער צו זיין דיא פרוי פון איינעם פון זייא!“ האט ער געשריען.

„יא, יא, פאטער, דוא האסט רעכט,“ האט זיא געענטפערט, „אָבער לאָמיר וואַרטען ביז דזשעפערסאָן וועט קומען.“

אויף'ן אנדערן טאָג, האט פערריער ערהאַלטען א צעטעל מיט פאָלגענדע ווערטער פון דעם נביא:

„עס ווערט אייך געגעבען 29 טעג צייט צו בערייהען און פערבעסערן אייער פעהלער, און דאַן — "

פערריער האט גוט פערשטאַנען וואס דער לעצטער שטריך בעדייטעט. ער האט צעררויסען דעם צעטעל און זיין טאָכטער גאר ניט געזאגט דאריעבער. אויף'ן אנדערן טאָג, האט ער בעמערקט א נומער 28 אויף זיין טהיר, אויף'ן דריטען טאָג א נומער 27. ער האט פערשטאַנען גאַנץ גוט וואס דאס בעדייטעט.

פערריער האט שוין מעהר ניט געשלאָפען בייא נאכט, זאָנדערן גוזעסען און אויפגעפאַסט מיט זיין ביקס נעגען א פלעטצליכען איבערפאַל.

פערריער האט געזעהען יעדען טאָג וויא דער נומער האט זיך געוועקסעלט, ביז עס איז געוואָרען 10, און ער האט נאך אימער ניט געהערט פון דזשעפערסאָן האָופ. ער האט געוואוסט, אז ער איז אויך בעוואכט פון אלע זייטען, און ווען דער נומער 5 איז ערשיענען אויף זיין טהיר, האט ער פערלווירען יעדע האָפנונג.

אין איין אבענד, זיטצענדיג גאַנץ אליין פערטיעפט אין פינסטערע און פערצווייפעלטע געדאנקען און דענקענדיג, אז מאָרגען וועט שוין זיין דער נומער 2 אויף דער טהיר, האט ער פלוצלינג דערהערט א גריבלען און קראַטצען. עס איז געקומען פון דער טהיר. מיט דער ביקס אין האַנד, איז ער לאנגזאם צוגעקראָכען צו דער טהיר און שנעל געעפענט. אָבער אין דרויסען איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. אין נעכסטען אויגענבליק, האט ער בעמערקט, צו זיינע פיס, זיך ריהרענדיג עפּעס. עס איז געווען א מענש. דאַן האט ער געהערט:

„ששש, שטיל."

עס איז געווען דזשעפערסאָן האָופ. ווען זייא זיינען ביידע אריין אין הויז, איז געווען דער אלטער שטאַרק דערשראָקען.

„גיבט מיר עפּעס עסען, שנעל," האט דזשעפערסאָן געמורמעלט. 48 שטונדען האב איך געהונגערט."

פערריער האט איהם דערלאַנגט קאלט פלייש מיט ברויט. עסענדיג האט ער געפרעגט:

„און וויא פערהאַלט זיך לוסי?"

„זיא איז רוהיג, ווייל זיא ווייס ניט פון דער געפאהר."

„דאס איז גוט," האט דזשעפערסאָן געזאָגט וויא ער איז געווען צו ענדע. „דאס הויז איז בעוואכט פון אלע זייטען, דאס איז דיא אורזאכע ווארום איך האב

געמוזט צו קריכען אהער וויא א קאטץ. זייא זיינען שארפזיניג, אָבער ניט קלוג גענוג צו פּאקען איין אינדיאנישען יעגער."

אין דער געגענוואַרט פון דיעזען בראַווען יונגען מענשען, האט זיך דזשאַהן פעררייער געשעמט, גלייך וויא א רעגימענט סאָלדאַטען וואָלט איהם בע שיטצט.

„דוא ביסט א מאַן אויף וועלכען מען קען שטאָלץ זיין," האט פעררייער געזאָגט דריקענדיג זיין האנד. „איך גלויב ניט, אויב עס געבען נאך פיעלע וואס זאָלען וועלכען אהער קומען אוס צו טהיילען אונזער געפאהר."

„דאס איז וואהר. אָבער, איידער יעמאַנד וועט וואגען עפּעס צו שאדען לוסי'ן, וועט ער דארפען אריעבער שפּאנען איבער מיין היכפלאָזען קערפּער, און ביז אהין איז נאך דאָ זעהר פיעל."

„וואס דענקסטו צו טהון?"

„וויא איך פערשטעה, איז מאָרגען דער לעטצטער טאָג, און ווען מיר וועלען ניט שנעל האנדלען, זיינען מיר פערלוירען. איך האב א מויל־עזעל און 2 פּערד וואַרטענדיג אויף מיר אין איגעל רעווין. וויפיעל געלד האט איהר?"

„צוויא טויזענד דאָלאַר אין גאָלד און 5000 אין באַנק־נאָטען."

„דאס איז גענוג. איך האב נאך אכיסעל מעהר. מיר מוזען אוועק נאך קאַרסאָן סיטי איבער דיא בערג. איך גלויב, אז דאס מוז שוין געשעהען. וועקט אויף לוסי'ן. עס איז גוט וואס דיא דיענער שלאָפען."

וועהרענד פעררייער איז געגאנגען רופען זיין טאָכטער, האט דזשעפערסאָן רערווייל איינגעפּאקט אזוי פיעל עסען וויפיעל ער האט נאָר געטראָפען, בעטראכט זיינעביידע רעוואָלווערס און דאן ארויס געקוקט אין דרויסען.

ווען לוסי איז ערשיענען, איז זיא געווען בלאַס און ציטערענד, נאָר איהר חתן'ס געגענוואַרט, האט איהר געגעבען מוטה. מיט דער שטילקייט פון פיש און מיט דער לייכטקייט פון קעטץ, האבען זייא פערלאָזען דאס הויז, און אונטער דזשעפערסאָן'ס פיהרונג, איז זייא געלונגען אויסצומיידען דיא וואך פון דיא מאָרמאָנען.

5.

# דער ענגעל פון נקמה.

א גאנצע נאכט האבען זייא געוואנדערט, און ווען דיא זונן איז אויפגע־גאנגען, האבען זייא זיך געפונען א היבשע שטרעקע דערווייטערט פון סאָלט לייק סיטי. פעררירער און לוסי זיינען געוועזן מיעד און נאך קוים געקענט זיטצען אויף דיא פערד, אָבער דזשעפערסאָן האָופּ, דאס בעמערקענדיג, האט ער געזאגט:

„מיר מוזען איילען. זייא קענען ענטדעקען אונזער ענטלויפען און וויא דיא שפּיר־הינט אונז נאכפאָלגען, מיר מוזען גרייכען קארסאָן סיטי, און דאן זיינען מיר זיכער."

זייא האבען געריטען דעם גאנצען טאָג, און דאס ביסעל שפּייז וואס זייא האבען געהאט, איז אויסגעגאנגען. מיעדקייט און הונגער האבען געווירקט, וואס זייא האבען זיך געזעהען געצוואונגען צו רוהען.

אָבער דזשעפערסאָן האט זייא ווייטער ערמוטהיגט ביז עס איז נאכט גע־וואָרען. דאן האט ער זייא אריינגעפיהרט אין א קליין וועלדיל, וואו מען האט גע־מאכט א פייער.

„איהר בלייבט דאָ," האט ער געזאגט. „רוהט זיך אויס. איך וועל אביסעל ארויס געהען אום צו זעהען, פיעללייכט וועל איך עפּעס קענען שיסען אויף צו עסען."

פאטער און טאָכטער זיינען באלד איינגעשלאָפען נעבען פייער, און דזשעפ־פערסאָן האָופּ, צובינדענדיג דיא פערד, האט ער גענומען פעררירער'ס ביקס און איז אוועק. ער האט זיך געזאמט ביינאהע צווייא שטונדען, און ענדליך צוריק געקעהרט מיט א גרויסען האָז.

שפּורען פון פייער האבען זיך נאך געוויזען, אָבער דיא פערד האט ער מעהר ניט געזעהען. אויף דעם פּלאטץ וואו פעררירער מיט זיין טאָכטער זיינען גע־לעגען, איז קיין זאך מעהר געוועזן.

ער האט אָנגעפאנגען צו רופען, אָבער ניעמאנד האט איהם געענטפערט. דאס האט דעם יונגען מאן געטראָפען וויא א בליטץ און עס האט געדויערט היבשע עטליכע מינוטען, ביז ער האט ווידער געפאסט מוטה. ער האט דאס פייער בעסער אונטערגעצונדען, געמאכט מעהר ליכט און אָנגעפאנגען צו זוכען. ער האט

געפונען שפורען פון פערד און מענשען־טריט. דאן האט ער ערבליקט פון ווייטען א שוואכען געגענשטאנד.

צוקומענדיג נעהנטער, האט ער ענטדעקט דעם אלטען פערריער ליעגענדיג טויט. ער איז געווען דורכגעשטאָכען מיט מעסערס אויף מעהרערע טהיילען פון זיין קערפער.

דזשעפערסאָן האט אלעס פערשטאנען.

לוסי איז מעהר דאָרט ניט געווען.

ווען עס איז טאָג געוואָרען, האט ער אויסגעגראָבען א קבר און בעהאלטען זיין אלטען פריינד. דאן האט ער אָנגעפאנגען צו וואנדערן צוריק, נאך סאָלט לייק סיטי, אום צו ערפאהרען וואס עס איז געשעהען מיט לוסי'ן.

ביי נאכט האט ער געגרייכט דאס הויז פון א מארמאן מיט דעם נאמען קופער, וועלכער איז געווען אמאל זיין בעסטער פריינד.

„איך בין דזשעפערסאָן האָופ,“ האט ער געזאגט זיך פאָרשטעלענדיג פאר קופער'ן.

דער מאָרמאָן האט אויפגעציטערט און געזאגט:

„מענש! וואס טהוט איהר דאָ? אייער לעבען איז פערלוירען. דער הייליגער ראטה האט אייך פעראורטהיילט.“

„מיך קימערט דאס ניט,“ האט דזשעפערסאָן געענטפערט, „איך וויל בלויז וויסען ... אום גאָטעס ווילען, מענש! מיר זיינען אימער געווען פריינדע... איהר מוזט וויסען...“

דזשעפערסאָן'ס שטימע האט געציטערט פאר טרויער און אויפרעגונג.

„וואס ווילט איהר וויסען?“ האט דער מארמאָן געפרעגט, „אָבער, אום גאָטעס ווילען, שטילער; אפילו דיא שטיינער האבען אויערן.“

„וואס איז געוואָרען פון לוסי פעררייער?“

„נעכטען האט זיא חתונה געהאט מיט דעם יונגען דרעבבער. וואס איז מיט אייך, דזשעפערסאָן? אייער געזיכט איז שוואַרץ געוואָרען וויא קויל!“

„קימערט זיך ניט אום מיר,“ האט ער געזאגט וועהרענד עס האט איהם געקלאפט א צאָהן אן א צאָהן. „חתונה געהאט, האט ער געזאגט?“

„יא, נעכטען. דיא צוויא יונגע מענער, דרעבבער און סטאנגערסאָן האבען זיך אפילו אביסעל געקריעגט דאריעבער צו וועמען זיא זאָל געהערען. זייא האבעןביידע געהאט טענות, ווייל זייא זיינען צוזאמען געווען דיא פערפאָלגער פון דיא

ענטלאָפּענע. סטאַננערסאָן האט צוערשט נעשטאָכען דעם אַלטען, און ער האט נע־האט מעהר רעכט צו דער טאָכטער. אָבער דער נביא האט צונעפּסק׳ענט דרעבבער׳ן. אָבער, כויט וויא איך מיין, האט דרעבבער אויך נים נעהאַנדעלט קיין מציאה. ווען איך האב זיא נעכטען נעזעהען, האט זיא פאַרנעשטעלט א נייסט אָבער נים קיין מענשען. זיא וועט נים פיעל לעבען.״

„איך דאַנקע,״ האט דזשעפערסאָן האָפּ נעמורמעלט און איז פערשוואונדען נעוואָרען.

ער איז פערבליעבען אין סאָלט לייק סיטי, אָבער ער האט זיך נעטוזט בע־האַלטען, אום דיא שפּיאָנען זאָלען איהם נים ענטדעקען.

אין 10 טעג ארום, איז לוסי נעפּונען נעוואָרען טויט אויף איהר בעט. דרעבבער האט זיך נים נעמאַכט קיין נרויסע זאָרג דאַריבער, דען זיין אבזיכט איז נאָר נעווען צו בעזיטצען איהר פאטער׳ס לאַנד, און דאס איז שוין נעווען זיין איינענטהום.

לוסי׳ס אויסנעמאָנערטער קערפּער איז נעלענען אין א טרונע און ערוואַרטעט בעערדינט צו ווערען, ווען א מאַן, מיט צעריסענע קליידער, איז פּלוצלינג ער־שיענען, צוגעגאַננען צו דער טויטער, אָבגעפּרעסט א קוש אויף איהר ווייסע ליפּען און אויסגעשריען:

„איך שווער דאָ, אז דיין טויט זאָל בעלוינט ווערען! דיעזע וואס זיינען שולדיג, זאָלען ליידען!״

דאַן האט ער אָנגעכאַפּט איהר האנד, אויף וועלכער זיא האט נעטראַגען דעם חתונה־רינג, דיעזען שנעל ארונטער גענומען, און נאָך איידער יעמאַנד האט צייט נעהאַט זיך רעכט ארום צו קוקען, איז ער אוועק.

איינינע מאָנאַט דורכאַנאַנד האט זיך דזשעפערסאָן האָפּ אויפנעהאַלטען אויף דיא בערג ארום סאָלט לייק סיטי, אָבער ענדליך האט ער איינגעזעהען, אז ער פערלירט זיין קראַפט אומזיסט, און איז פון דאָרט אוועק מיט נייע פּלענער אין זיין קאָפּ.

דרעבבער און סטאַננערסאָן זיינען נעווען צו פאָרזיכטיג, און ער האט זייא נים נעקענט אזוי לייכט טרעפען.

מיט מאָנאַטע שפּעטער איז דזשעפערסאָן אָננעקומען נאָך קליוולאַנד, אָה יאָ, און צו זיין איבערראשונג, האט ער ערפאַהרען א מערקווירדינע נעשיכטע: עס האט אויסנעבראָכען א שטרייט צווישען דיא מאָרמאָנען, און דרעבבער מיט

סטאַנגערסאָנען זיינען נעצוואונגען געווען צו פערלאָזען יוטאה, און זייא האבען זיך בעזעטצט אין קליוולאַנד. דרעבבער, וועלכער איז געווען דער הויפּט נעקד־מאַן, האט דאן אננאזשירט סטאַנגערסאָנען אלס זיין סעקרעטער.

דזשעפערסאָן האט זייא אויפגעזוכט, אָבער נאך איידער ער האט צייט געהאט זייא צו געבען דעם טויט־שלאַג, האבען זייא גערופען דיא פּאָליצייא און איהם ארעטירט. דורך זייער געלד איינפלוס, איז געלונגען צו האלטען דזשעפערסאָנען ארעטירט עטליכע וואָכען, און ער איז ארויס פרייא, האט ער ערפאהרען, אז דיא צווייא מענער האבען אָבגערייזט נאך אייראָפּא.

זיין האס און ענטשלוס צו נעהמען ראַכע, איז נאך שטארקער געוואָרען, אָבער אזוי וויא ער האט ניט געהאט קיין געלד זייא נאָכצופאָלגען, איז ער געצוואונגען געווען זיך צו נעהמען צו דער ארבייט אום עפּעס צו פערדיענען.

ווען ער האט ענדליך ערשפּארט גענוג געלד, איז ער זייא נאכגעפאָהרען און נאכגעשפּירט פון איין שטאָדט אין דער צווייטער. ווען ער איז געקומען נאך סט. פּעטערסבורג, האט ער ערפאהרען, אז זייא זיינען אין פּאריז, און קומענדיג אהין, האט ער געהערט, אז זייא זיינען אין קאָפּענהאגען. ווען ער האט געגרייכט דיעזע שטאָדט, איז עס שוין אויך געווען צו שפּעט.

וואס עס האט ווייטער פּאסירט, וועלען מיר לעזען וואס דר. וואַטסאָן שרייבט.

## 6.

# דר. וואַטסאָן׳ס ערצעהלונג.

מיר האבען זיך באלד איבערצייגט, אז דעם געפאַנגענעם׳ס אַנגעווענדעטע מאכט, האט גאר ניט צו טהון געהאט מיט קיין געפעהרליכער ווילדקייט. דען זאָ שנעל וויא ער האט געזעהען, אז ער איז קראַפטלאָז, האט ער ביטער געשמייכעלט און בעמערקט:

„איך וויל האָפען, אז אין קאַמפף, האב איך קייגעם ניט געשעדיגט. איך וויים, איהר האט נאָר געטהאָן אייער פליכט, און איך, אויף אייער שטעלע, וואָלט אויך אזוי געהאנדעלט. יעטצט, רעכען איך, ווילט איהר מיך אוועק פיהרען אין דער פּאָליצייא־סטאַציאָן. גוט, אונטען שטעהט מיין דראָשקע, און ווען איהר וועט בעפרייען מיינע פיס, וועל איך אליין ארונטער געהען.“

גרענסאָן און לעסטראַד האבען זיך אָנגעקוקט און דעם געפאנגענעם'ס פּאַר־שלאַג איז זייא ניט געפעלען געוואָרען, נאָר האָלמז האט איהם באלד אויפגעבונדען דיא פיס. ער האט זיך דאַן אויפגעשטעלט און איך האב פאַר מיר געזעהען אַ מעכטיגען מאַן.

„איהר זייט דאס געווען," האט ער געזאגט צו האָלמז'ן, „וואס איהר האט מיר אַזוי גוט נאכגעשפירט. ווירקליך, איהר זייט אַ מערקווירדיגער שאַרפזיניגער מאַן."

אָהנע ווייטער אַ וואָרט צו רעדען, האבען מיר אָנגעפאנגען ארויס צו געהען. דער געפאנגענער איז געווען מערקווירדיג רוהיג. מיר האבען זיך אריינגעזעטצט אין דער דראָשקע, וועלכע האט אונז צוגעפיהרט צו דער פּאָליציי־סטאַציאָן; דאָרט האבען מיר אויסגעשטיעגען און אריין אין אַ קליינעם צימער. דאָרט איז געזעסען אַ פּאָליציי־אינספעקטאָר, איין עלטערער מאַן, וועלכען איז באלד בעקאַנט געמאַכט געוואָרען מיט דיא אויבערפלעכליכע איינצעלהייטען פון דעם פּראָצעס.

„מר. דזשעפערסאָן האָופּ," האט ער געזאגט צום געפאנגענעם, „מיר וועלען אייך דאָ שטעלען עטליכע פראגען. אָבער איך ווארען אייך אין פאָראויס, אז איהר זאָלט פּאָרזיכטיג זיין, ווייל יעדעס וואָרט וועט פערשריעבען ווערען.

„איך בעגרייף," האט ער געזאגט זעהר רוהיג. „אָבער דיא וואהרהייט איז, וואס איך אליין בין זעהר צופריעדען וואס איך האב יעטצט דיא געלעגענהייט עפּעס צו זאָגען."

„פיעללייכט ווילט איהר ווארטען אויף אייער פּראָצעס, דאַן וועלען מיר פערציכטען אויף אייערע ערקלערונגען. איהר האט אַ רעכט יעטצט ניט צו בעד־ענטפערן וואס איהר ווילט ניט."

„מיין פּראָצעס," האט ער וויא געטורמעלט צו זיך אליין. „מיר דאכט, אז איך וועל דיעזען ניעמאַלס דערלעבען. מיינט ניט, אז איך רעכען צו בעגעהען זעלבסטמאָרד. זייט איהר אַ דאָקטאָר?"

זיין לעטצטע פראגע איז געווען צו מיר.

„יאַ, איך בין אַ דאָקטאָר," האב איך געענטפערט.

„דאַן לייגט אייער האנד דאָ," האט ער געזאָגט ציינענדיג מיט זיין האנד אויף זיין ברוסט.

צולייגענדיג מיין האנד, האב איך געשפירט איין אוננעהייערע שטארקע בעד־וועגונג און קלאַפּעניש, גלייך וויא אינוועניג וואָלט עפּעס געוואלטזאם גע־שטורמט.

„איהר ליידעט,“ האב איך געזאגט, „לויט וויא איך רעכען, פון אַרטיק אנעאוריזם !“

„יא, אזוי האט מען עס אָנגערופען,“ האט ער בעמערקט. „א געניטער ארצט האט מיר געזאָגט, אז דאס וועט קירצליך מוזען פּלאַטצען אין מיר. איך האב דאס געקריעגען פון קעלט, נויט, מאנגעל און צרות וואס איך האב אויסגעשטאנען אויף דיא סאָלט לייק בערג. אָבער זאָלאנג מיין ארבייט איז שוין צו ענדע, קימערט מיך מעהר ניט אום מיין לעבען. איין זאך וויל איך אָבער, אז מען זאָל מיך ניט רעכענען פאר קיין בארבארישען מערדער.“

דער אינספעקטאָר מיט דיא דעטעקטיווס האבען אָבגעהאלטען א קורצע בעראטהונג, און נאכדעם מיך געפרעגט, אויב איך בעטראכט דיא קראנקהייט פאר געפעהרליך.

„ער קען פיעל ניט לעבען,“ האב איך געענטפערט.

דזשעפערסאָן האָפּ האט ערהאלטען דיא ערלויבניס צו זאגען וואס ער וויל. נאכדעם וויא ער האט געבעטען דיא ערלויבניס זיך צו זעטצען, האט ער אָנגע־פאנגען :

„מיין קראנקהייט און דעם קאמפף וואס איך האב לעטצענס געהאט מיט דיעזע העררען, האבען פערזיכערט מיין באלדיגען טויט. איהר וועט אלזאָ פער־שטעהען, אז אין אַזא לאגע, האב איך קיין אורזאכע אייך צו דערצעהלען ליגען.“

ער האט אָבגעשילדערט אין א רוהיגען טאָן, אלעס וואס מיר ווייסען שוין איבער זיין פערגאנגענהייט ביז יעטצט, און דאַן האט ער פאָרטגעזעטצט :

„נאך מיינער אנזיכט, האבען דיעזע צווייא באנדיטען קיין רעכט געהאט מעהר צו לעבען. זייא צו פערקלאגען געזעטצליך, איז מיר אונמעגליך געווען. איך האב אלזאָ בעשלאָסען, אז פאר דעם טויט פון דעם אלטען פעררייער און מיין גע־ליעבטע לוסי, זאָל איך אליין זיין דער ריכטער און תליון צוזאמען. יא, יא, מיינע העררען, אין מיינער שטעלע, וואָלט איהר אויך אזוי געהאנדעלט.

„זייא האבען געוואוסט, אז איך פערפאָלג זייא זייט יאהרען, און זייא האבען מיך אויסגעמיעדען, אימער פערבלייבענדיג אין אייראָפּא און רעכענענדיג, אז דאָ זיינען זייא זיכער.

„אין לאָנדאָן האב איך בעגעגענט מיינעם איין אלטען פריינד, וועלכער האט מיר געבאָרגט א סומע געלד און איך האב מיר געקויפט א דראָשקע, ערשטענס

צו פערדיענען מיין ברויט, און צווייטענס, איך זאָל קענען בעסער נאכפּאָלגען מיינע שונאים, וואס האבען זיך דאָ אויפגעהאלטען.

„צווייא וואָכען דורכאנאנד, האב איך זייא יעדען טאָג נאכגעפּאָלגט, אָבער זייא זיינען קיינמאל ניט נעוועזען אליין, און איך האב אלזאָ מיין ראכע־פּלאַן ניט גע־קענט דורכפיהרען. איך האב געהאט געדולד, ווייל איך האב געוואוסט, אז זייא וועלען שוין ניט לויז ווערען פון מיינע הענד. אום איין זאך האב איך מיך געזאָרגט און דאס איז געוועזען מיין קראנקהייט, פאר וועלכער איך האב מורא געהאט, אז דאס וועט פּלאַטצען צו שנעל.

„ענדליך, אין איין אבענד, פאָהרענדיג ארומטער נאך טאָרקוויי לעררייס, בין איך אריין אין דער שטראסע וואו זייא האבען לאָזשירט. איך האב בעמערקט א דראָשקע שטעהענדיג בייא דער טהיר. דאן האט מען ארויס געבראכט באגאזש און דרעבבער מיט סטאנגערסאָנען זיינען נאכגעקומען.

„ווען דיא דראָשקע מיט זייא איז אוועק געפאָהרען, האב איך נאכגעפּאָלגט. צוקומענדיג נעבען דער יוסטאָן סטאציאָן, זיינען זייא אויסגעשטיעגען. איך האב צוריק געלאָזען א איינגעל אכטונג געבען אויף מיין פערד. און איך בין זייא נאכגע־גאנגען. איך האב זייא געהערט פרעגען אויף א צוג נאך ליווערפּול, וועלכען זייא האבען פערשפּעטיגט.

„איך בין געשטאנען אזוי נאָהענט צו זייא, דאס איך האב זייא געקענט ביידע דערשיסען אָדער דערשטעכען. דאן האב איך געהערט דרעבבער׳ן ערקלערען, אז ער האט נאך עפּעס צו טהון אין שטאָדט, און ווען סטאנגערסאָן וועט ווארטען אויף איהם, וועט ער באלד צוריק קעהרען.

„דאן האבען זייא ביידע געהאט א העפטיגען שטרייט צווישען זיך, און צום שלוס, האב איך בעמערקט, אז סטאנגערסאָן האט נאכגעגעבען און געזאָגט דרעבבער׳ן, אז ער וועט אויף איהם ווארטען אין האללידיי׳ס האָטעל.

„דרעבבער איז אוועק.

„דער מאָמענט איז ענדליך געקומען. מיינע פיינד זיינען ענדליך געוועזען אין מיינע הענד. צוזאמען זיינען זייא געוועזען געפעהרליך, אָבער אָבגעטהיילט, האב איך מיט זייא געקענט טהון וואס איך האב געוואָלט. נאָר זיך גלאַט נוקם זיין, האב איך ניט געוואָלט, איך האב בעשלאָסען, אז מיין נקמה זאָל זיין א שרעקליכע, און דערפאר האב איך שוין לאנג אויסגעארבייט מיינע פּלענער. דאס לעדיגע הויז אין בריקסטאָן ראָאד איז געלעגען אין פּראָגראם פון מיין ראכע.

„דרעבבער, נעהענדיג האט ער בעזוכט איינינע שענק־הייזער, ביז ער האט זיך גוט פערשיכור׳ט. דאן האט ער צוגערופען א דראָשקע, זיך אויפגעזעטצט און געהייסען פאָהרען צוריק אויף זיין געוועזענער לאָזשיע. איך האב נאכגע־פאָלגט.

„דאָרט האט ער אָבגעשטיגען, אריינגעגאנגען און פערווײלט אונגעפעהר 20 מינוטען. דאן האט זיך דיא טהיר פון הויז געוואַלטזאם געעפענט און צוויא מענער זיינען ערשיענען. איינער איז געווען דרעבבער און דער צווייטער א יונגער מאן, וועלכען איך האב ניט געקענט. דער לעצטער האט געהאַלטען דרעבבער׳ן ביים קאָלנער און איהם געבענדיג א גוטען בריק מיט זיין פוס, האט ער איהם ארויס געוואָרפען אויף דער גאס שרייענדיג: „דוא הונד! ווארט, איך וועל דיר ערשט ווייזען וואס דאס הייסט צו בעליידיגען א דאמע!“ אָבער דרעבבער האט מעהר ניט געוואָלט ווארטען, דערזעהענדיג מיין דראָשקע, איז ער אליין אריינגעשפרונגען, און אָהנע מיך צו זעהען, האט ער געמורמעלט, איך זאָל איהם אוועק פיהרען אין האלידיי׳ס פריוואט האָטעל.

„איהם האבענדיג אין מיין דראָשקע, האט מיין הארץ געטאנצט פאר פרייד. ווען איך בין אָבגעפאָהרען א פאאר שטראסען, האט ער מיר געהייסען בלייבען שטעהען. ער איז ארונטער אין א שענק און מיר געהייסען ווארטען אין דרויסען. דאָרט איז ער פערבליעבען ביז אלעס איז געשלאָסען געוואָרען, און ווען ער איז ארויס, איז ער געווען אזוי בעזויפען, אז ער האט אבסאָלוט מעהר ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט איהם.

„מיינט ניט, אז איך האב איהם געוואָלט הרג׳ענען קאלט־בלוטיג און איהם דערבייא גאר קיין געלעגענהייט ניט געבען. יא, איהר מענט זיך וואונדערן, איך האב שוין זייט לאנג בעשלאָסען איהם צו געבען א געלעגענהייט זאָגאר זיך צו פער־טהיידיגען.

„וועהרענד איך בין געווען אין אמעריקא, האב איך אמאל געהערט איינינע פאָרלעזונגען אין ניו יאָרק קאָללעדזש דער פראָפעסאָר האט ערקלערט, אז אָלקאלאיד, איז איין עקסטראקט פון זיד־אמעריקאנישען פיילען־גיפט, און דאס איז אזוי שטארק, אז בלויז איין גראן פערארזאכט זאָפאָרטיגען טויט. איך האב מיך שפעטער בעזאָרגט מיט דיעזען גיפט, און דערפון האב איך אליין אויסגעארבייט מעהרערע דורכזיכטיגע פיללען. דאן האב איך געמאכט איין עהנליכען אנצאָהל אונשעדליכע פיללען, וועלכע זאָלען אויך אזוי אויסזעהען, זייא אריינגעלייגט אין שאכטלען און בעהאלטען. דאס אלעס האב איך געטהאָן מיט א פלאן פיר דער

צוקונפט. איך האב בעשלאָסען, דאס אין פאל איך וועל זיך אמאל צוזאמען טרעפען מיט דעם מאַן, פיר וועלכען איך האב נעשוואוירען ראכע, זאָל איך אריינ־לייגען איין אונשעדליכע און איין שעדליכע פילל אין א שאכטעל, איהם לאָזען נעהמען איינע און איך זאָל נעהמען דיא צווייטע, וואס ער ווער ווערט איבערלאָזען. פון יענעם טאָג אָן, האב איך דיא פיללען אימער בייא מיר נעהאלטען, און בין געווען בערייט זיך צו בענוטצען מיט זייא.

„עס איז שוין געווען באלד איינס אוהר, און אין דרויסען האט געוויטהעט א שטורם מיט א רעגען. גראדע אזוי וויא עס איז געווען טרויעריג אויף דער גאס, אזוי האט אין מיר נעטאנצט מיין הארץ פאר פרייד — איך בין געווען גליקליך, וואס דער מאָמענט פון נקמה האט ענדליך נעגרייכט. נאָר איינער אין מיין לאגע, קען זיך פאָרשטעלען מיינע נעפיהלע. איך האב מיר פעררויכערט א ציגאר, און דאס האט אביסעל נעשטארקט מיינע צורודערטע נערוועז. פאָהרענדיג, האט זיך מיר נעדאכט, אז איך זעה נאך דעם אלטען פעררימער פאר מיינע אויגען, און נעבען איהם שטעהט דיא זיסע און שעהנע לוסי, וועלכע שמייכעלט צו מיר ליעבליך.

„ווען איך בין אָנגעקומען אין בריקסטאָן ראָאד, האט זיך קיין זעעלע נעוויזען אויף דער גאס. אריינקוקענדיג אין מיין דראָשקע, האב איך נעזעהען דרעבבער'ן פעסט איינגעשלאָפען. איך האב איהם אויפגעוועקט נאך שווערער מיה און איהם ערקלערט, אז ער מוז ארונטער שטייגען. ער, אין זיין בעזויפענעם צושטאנד, האט נעמיינט, אז איך האב איהם צוגעבראכט צו זיין האָטעל. אָהנע א וואָרט צו רעדען, איז ער אויסגעשטיעגען, און אזוי וויא ער האט זיך ניט געקענט האלטען אויף דיא פיס, האב איך איהם נעהאָלפען נעהען, און אזוי האב איך איהם אריינגעפיהרט אין דער לעדיגע וואָהנונג.

„עס איז פערדאמט פינסטער," האב איך נעהערט דרעבבער'ס שטימע מורמלען.

„אָהנע צו ווארטען אויף עפעס, האב איך באלד אָנגעריבען א שוועבעלע און אָנגעצונדען דאס וואקס־ליכט וואס איך האב מיטגעבראכט. דאן האב איך מיך אומגעווענדעט, און מיט דעם ליכט אין האנד, האב איך איהם געפרעגט:

„יעטצט, ענאָך דרעבבער, זיינען מיר אליין — דערקענסט מיך? זאג!"

„מיט זיינע בעזויפענע אויגען, האט ער גלייבגילטיג צו מיר געקוקט עטליכע אויגענבליקען, דאן האב איך בעמערקט, וויא א שודער האט פלוצלינג אויפגע־ציטערט זיין גאנצען קערפער. זיינע געזיכטס־ציגע האבען זיך געוועקסעלט און אָנגע־פאנגען אָנצונעהמען א טיענע פון שרעק און ציטערן. אויף זיין שטערן האבען

אנגעהויבען ארויס צו זעטצען דיקע טראָפּענס שוויים, און איך האב נעתערט וויא עס האט איהם געקלאַפּט א צאָהן אן א צאָהן.

„ער האט מיך דערקענט, און אָנגעפאנגען צו מאכען א פּאאר שריט צוריק.

„איך האב מיך געשטעלט מיט'ן רוקען צו דער טהיר, און בעמערקענדיג זיין טויט־שרעק, האב איך אויסגעבראָכען אין א ווילדעס אָבער טריומפירענדעס געלעכטער.

„איך האב אימער געוואוסט, אז ראכע מוז זיין זיס, אָבער איך האב מיר קיינמאל ניט פאָרגעשטעלט ביז דאמאלס, וויא מעכטיג דיעזעס געפיהל איז, ווען מען האט פאר זיך דאס אָפּפער, נאך וועלכען מען האט זיך נעיאָגט יאָהרען לאנג. יא, דרעבבער האט זיך אויסגעניכטערט, פּאַלקאָמען. מיין נעזיכט, האט פון איהם פערטריעבען דיא בעזויפענהייט מיט א צוויבער־שנעללינקייט.

„דוא פערדאמטער הונד!“ האב איך אויסגעשריען, „איך האב דיך פער־פאָלגט פון סאָלט לייק סיטי, איבער גאנץ אייראָפּא, ביז נאך סט. פּעטערסבורג, און דוא ביזט מיר אימער ענטרינען געוואָרען וויא פון אונטער דיא הענד. אָבער ענדליך זיינען מיינע וואנדערונגען געקומען צו איין ענדע, און דוא ביסט אין מיינע הענד. ענאָק דרעבבער, בלוטינער און פערפלוכטער מערדער פון אונשולד, יוגענד און שעהנהייט, דוא ביסט מיינער! איך קען מיט דיר טהון וואס איך וויל! וויים אלזאָ, אז ביז דיא זונן וועט אויפגעהען, מוז איינער פון אונז ביידע זאגען איין אייביגען אדיע צו דיעזער וועלט.

„מיט ציטערן און שרעקען האט ער זיך נאך מעהר צוריק גערוקט, און איך האב געקענט כעזען אויף זיין נעזיכט, אז ער רעכענט מיך, אז איך האב פערלוירען מיין פערשטאנד. מיינע שלייפען האבען ווירקליך געקלאַפּט וויא מיט האמערס, און איך צווייפעל יעטצט ניט, אז איך וואָלט דאמאלס, פון אויפרעגונג, געקענט קריענען דעם שלאַג, נאָר דאס גליק איז געווען, וואס דער לויף פון בלוט האט זיך איבערגעריסען דערמיט, וואס א שטראָם רויטע לעבענס־זאפט האט אָנגע־פאנגען ארויס צו לויפען פון מיינע נאָז־לעכער. דאס האט מיך אי בערוהינט, אי גענעבען נייע קרעפטען.

„און וואס דענקסטו יעטצט פון לוסי פעררירער?“ האב איך געפרעגט פער־שליעסענדיג דיא טהיר. „דיא ראכע, איז געקראָכען לאנגזאם, אָבער איך האב גע־האט געדולד און זיא ערוואַרטעט. ענדליך האב איך מיין ציעל ערריכט!“

„איך האב בעמערקט זיינע ליפּען ציטערן. איך בין זיכער, אז ער וואָלט גע־בעטען אום גנאדע פיר זיין לעבען, ווען ער וואָלט געוואוסט, אז דאס וועט איהם עפּעס העלפען.

„ווילט איהר מיך ערמאָרדען?" האט ער געשטאמעלט.

„קיין מאָרד, שופט!" האב איך געענטפערט. „ווער רעדט פון ערמאָרדען א משוגענעם הונד, וואס טראָגט מיט זיך ארום א געפעהרליכען גיפט? זאג מיר נאָר, באנדיט, וואס פאר א מיטלייד האסטו געהאט מיט מיין ארמער לוסי, ווען דוא האסט זיא אוועק געשלעפּט פון נעבען איהר געשלאכטעטען פאטער און זיא גע־בראכט אין דיין פערפלוכטען הארעם?"

„ניט איך האב געטעדטעט איהר פאטער," האט ער געשטאמעלט.

„אָבער דוא ביסט עס געוועזן יעדענפאלס, וואס האט צוגעבראָכען איהר אונ־שולדיגעס הארץ," און בייא דיעזע ווערטער האב איך ארויס געצויגען מיין שאכטעל מיט דיא פּיללען. „זעה דוא, בליק אהער, הונד! זאָל גאָט, דיא נאטור אָדער דער צופאל, ענטשיידען צווישען אונז ביידע. וועהל אויס איין פּילל, וועלכע דוא ווילסט, און פערשלינג זיא. אין איין פּילל ליעגט טויט און אין דער צווייטער לעבען. איך וועל איינשלינגען דיעזע, וואס דוא וועסט איבערלאָזען. מיר וועלען אלזאָ זעהן, אויב דיא נאטור, וואס שיטצט איהרע ברואים, קען מיט איהר בלינדען צופאלל, אויך שיטצען אזא אבשייליכען באנדיט וויא דוא ביסט."

„ערשט דאמאלס האט ער רעכט צוזאמען געבראָכען, און שטאמלענדיג, וויינענדיג, האט ער אָנגעהויבען צו בעטען אום גנאדע, פערצייהונג און מיטלייד. אָהנע איהם צו ענטפערן, האב איך ארויס געצויגען מיין מעסער און דאס געהאלטען נעבען זיין האלז. ער האט פערשטאנען וואס איך מיין און ער האט אויך געלעזען דיא ווילדע ענטשלאָסענהייט אויף מיין געזיכט. ציטערענדיג אין יעדען גליעד, האט ער אויסגעשטרעקט זיין האנד און מיט זיינע 2 פינגער האט ער ארויס גענומען א פּילל און איינגעשלונגען. איך האב דאסזעלבע געטהאָן מיט דער צווייטער.

„אונגעפעהר א מינוט האט געדויערט, וואס מיר זיינען געשטאנען שטיל־שווייגענד און זיך בעטראכט, אום צו זעהען ווער עס דארף לעבען און ווער עס מוז שטארבען.

„איך וועל ניעמאלס פערגעסען דעם אויסדרוק פון שמערץ, וואס איז ער־שיענען אויף זיין געזיכט, און דער גיפט האט אָנגעפאנגען אויף איהם צו ווירקען. ווען איך האב דאס בעמערקט, האב איך געלאכט, און דאן האב איך ארויס

נעצווינגען לוסי׳ס הייראטה׳ס רינג און דאס געהאלטען פאר זיינע אויגען. עס האט געדויערט בלויז א פּאאר אויגענבליק, דען דען אלקאלאיד האט געטהאָן זיין ארבייט. א ספּאזמאָדישער אויסדרוק פון ווערטאָג האט איבערגעצויגען זיין פּנים, און אויפ־הויבענדיג זיינע הענד, איז ער אומגעפאלען מיט א כאָרבעל צו דער ערד.

„ער איז געפאלען מיט׳ן געזיכט ארונטער, נאָר איך האב איהם אומגעקעהרט מיט מיין פוס און צוגעלייגט מיין האנד צו זיין הארץ. עס איז געווען שטיל, און ער איז געבליעבען ליעגען טויט!

„דאס בלוט איז געלאָפען פון מיין נאָז, נאָר איך האב דאס ניט געפיהלט. איך ווייס נים וואס פאר א אידעע דאס איז געווען, וואס עס איז מיר איינגעפאלען צו שרייבען אויף דער וואנט. פיעללייכט איז דאס געווען איין איינפאל אום דיא פּאָליציייא צו פערפיהרען, דען איך האב מיך דאמאלס געשפּירט זעהר גליקליך און אונבעזאָרגט. איך האב מיך עראינערט, דאס מען האט אמאל געפונען א דייטש ערמאָרדעט אין ניו יאָרק, און אויף דער וואנט איבער איהם, איז געווען אויפגע־שריעבען דאס וואָרט RACHE (ראכע.) דאמאלס האבען דיא צייטונגען בע־הויפּטעט, אז דאס קומט פון א געהיימער געזעלשאפט. איך האב מיר געטראכט, אז דאס וואס עס פערווירט דיא ניו יאָרקער פּאָליציייא, וועט אויך פערווירען דיא לאָנדאָנער. איך האב דערפאר איינגעטונקט מיין פינגער אין בלוט און אויך אויפ־געשריעבען דאסזעלבע וואָרט.

„ווען איך בין פערטיג געוואָרען מיט דיעזער ארבייט, בין איך ארויס אויף דער גאס, און אלעס איז געווען זעהר שטיל. זיך אויפזעטצענדיג אויף מיין דראָשקע, בין איך אָבגעפאָהרען א קורצע שטרעקע, ווען איך האב ענטדעקט, אז איך האב פערלוירען דעם רינג. דאס האט מיך זעהר געשמערצט, דען דער רינג איז געווען דיא איינציגע עראינערונג וואס איך האב געהאט פון לוסי׳ן.

„דענקענדיג, אז איך האב דעם רינג פערלוירען נעבען דרעבבער׳ן, בשעת איך האב מיך אָנגעבויגען איבער זיין קערפּער, בין איך צוריק געפאָהרען, און לאָזענדיג מיין דראָשקע אין א זייטען־גאס, בין איך צוגעגאנגען צום הויז, מיט א פעסטען ענטשלוס צוריק צו קריעגען דעם רינג. צו מיין בעדויערן אָבער, האב איך בעגעגענט פון דאָרט ארויס קומענדיג א פּאָליציסט. אום ארונטער צו נעהמען דעם פערדאכט פון מיר, האב איך מיך געמאכט פאר שיכור.

„אָט אזוי, מיינע העררען, איז ענאָק דרעבבער געשטאָרבען. וויא איך בין פערטיג געוואָרען מיט איהם, איז מיר בלויז איבערגעבליעבען אויפצוזוכען סטאנגער־סאָנען, אום מיין נקמה זאָל זיין פאָלשטענדיג. איך האב געוואוסט, אז ער

לאָזשירט אין האָלידיי׳ס האָטעל, און דעם גאַנצען טאָג האָב איך איהם ערוואַרטעט ארויס קומענדיג, אָבער, וויא עס שיינט, האט ער געהאט עפּעס א פערדאַכט, ווייל ער איז ניט ערשיענען.

„סטאַנגערסאָן איז אימער געווען קלוג און פאָרזיכטיג. אָבער ווען ער האט גערעכענט, אז דערמיט וואס ער וועט ניט ארויס קומען אויף דער גאַס, וועט ער פון מיר לויז ווערען, האט ער געהאט א גרויסען טעות. איך האָב באַלד ענטדעקט וועלכעס פענסטער עס בעלאַנגט צו זיין צימער, און אין נעכסטען פאַרטאָג, האָב איך געפונען א לייטער אין הויף פון האָטעל, און אויף דיעזער אָרט בין איך אריין אין זיין צימער.

„ער איז געשלאָפען, נאָר, וויא איך האָב אייך שוין געזאָגט, האָב איך ניט געוואָלט מאָרדען. איך האָב איהם אויפגעוועקט, און איהם מיטגעטהיילט, אז דיא שטונדע פון מיין ראַכע האט געשלאָגען. דאַן האָב איך איהם דערצעהלט וואס עס האט פּאַסירט מיט דרעבבער׳ן, און איהם געגעבען דיעזעלבע וואהל צום שטאַרבען, דאס הייסט, יעדער פון אונז זאָל נעהמען א פּילל, און ווער עס וועט טרעפען דיא פערגיפטעטע, דער זאָל בעצאָהלען מיט זיין לעבען.

„אָבער סטאַנגערסאָן האט אויף אזא מקח ניט געוואָלט איינגעהען, און אנשטאט אָנצונעהמען מיין פּאָרשלאַג, האט ער מיך אָנגעבאַפּט בייא מיין האַלז. אום צו בעשיטצען מיין לעבען פון זיינע אייזערנע הענד, האָב איך איהם שנעל אריינגעשטאָכען מיין מעססער.

„יא, יא, מיינע העררען, איך בין פאָלקאָמען איבערצייגט, אז ער וואָלט אויך געטראָפען דיא פערגיפטעטע פּילל, דען אזעלכע לומפּינע באַנדיטען דארפען ניט לעבען.

„איך גלויב, אז דאס איז אַלעס וואס איך האָב אייך געהאט מיטצוטהיילען. דאַן האָב איך פאָרטגעזעטצט צו פאָהרען מיט מיין דראָשקע, און איך האָב גערעכענט, אז איך וועל ערשפּארען גענוג געלד אום צוריק צו קעהרען נאך אמעריקא, וואו איך זאָל שטאַרבען.

„היינט, ווען איך בין געשטאַנען אין הויף, איז צו מיר צוגעקומען א איננעל, איין אָבגעריסענער, און געפרעגט אויב דאָרט געפינט זיך א טרייבער מיט דעם נאמען דזשעפערסאָן האָפּ, און אויב יא, דאַן רופט איהם א הערר אין 221 בייקער סטרים. איך האָב אבסאָלוט קיין פערדאַכט געהאט, און, וויא איהר וויסט, האט מיך דיעזער יונגער הערר געשלאָסען אין קייטען.

„איך גלויב, אז נים נאָר מיין געשיכטע, זאָנדערן אויך מיין לעבען איז צו ענדע. איהר מעגט מיך בעטראַכטען פאר א מערדער, נאָר אויב איהר זייט מענשען וואס זיינען געשטעלט געוואָרען צו ברעננען פערברעכער צו זייער שטראָפע, דאַן בין איך אויך איינער פון אייך, מיט דער אויסנאַהמע, וואס קיינער האט מיך נים געשיקט.“

דיא בענעהמונגען פון דזשעפערסאָן האָופּ און זיין ערצעהלונג, האט איבער אונז געמאַכט א טיעפען איינדרוק. זאָגאר דיא פּראָפעסיאָנעלע דעטעקטיווס, וועלכע האבען שוין געהערט און געזעהען פערשיעדענעס, זיינען געווען געריהרט און פעראינטערעסירט.

מיר האבען איהם געלאָזט זיך בערוהיגען, און דאַן, אום דאס גאַנצע גע־היימניס אויפצודעקען, האבען מיר איהם געשטעלט איינינע פראַגען.

„ענטשולדיגט מיר,“ האט שערלאָק האָלמז געזאָגט זיך ווענדענדיג צו איהם, „איך בין אונגעהייער נייגיעריג צו וויסען, ווער דער מאַן איז געווען, וואס האט אזוי גוט געשפּיעלט דיא קאָמעדיע פון איין אַלטער פרוי, ווען מיר האבען אנאָנסירט וועגען דעם רינג?“

דזשעפערסאָן האט ביטער געשמייכעלט און געענטפערט:

„איך קען נאָר ענטדעקען מיינע געהיימניסע, אָבער איבער אנדערע, איז א פרעמדער בעל־הבית. דיא וואהרהייט איז, אז איך האב געזעהען אייער אנאָנסע, און איך האב מיר געטראַכט, אז דאס איז מענליך, עס זאָל זיין א נעטץ פון דע־טעקטיווס און אויך א גאַנץ אונשולדיגע זאַך. יא, איך האב געהאט א גוטען פריינד, וואס האט זיך אונטערגענומען דאס אויסצוגעפינען. איך בין שטאָלץ אויף איהם, און איהר וועט מודה זיין, אז ער האט געמאַכט זיין ארבייט פאָלקאָמען גוט.“

„קיין צווייפעל דאריעבער!“ האט האָלמז צוגעשטימט.

„יעטצט, מיינע העררען,“ האט דער אינספּעקטאָר געזאָגט מיט איין ערנסטער מיענע, „זיינען דיא פאָרמען פון געזעטץ דורכגעפיהרט געוואָרען. דאָ־נערשטאג וועט דער געפאַנגענער פאָרגעבראַכט ווערען פאר א ריכטער, און איהר וועט מוזען דאָרט ערשיינען. ביז דאמאלס, איז דער געפאַנגענער אונטער מיין שוטץ און איך בין פאר איהם פעראַנטוואָרטליך.“

ער האט אָנגעקלונגען און צוויא פּאָליציסטען זיינען אריין. אויף א וואגס, האבען זייא ארויס געפיהרט דזשעפּעסאָן האָופּ. מיר האבען גענומען אבשיעד איינער פון צווייטען, און איך מיט שערלאָק האָלמז זיינען אוועק אהיים.

7.

## דער גרעסטער דעטעקטיוו.

וויא איך האב שוין פריהער דערמאָהנט, האט מען אונז אלע איינגעלאדען צו ערשיינען פאר א ריכטער דאָנערשטאג; נאָר ווען דאָנערשטאג איז געקומען, האט מען שוין מעהר ניט בענעטהיגט אונזער צייגנשאַפט.

יא, דער אונגליקליכער און פיעל ליידענדער דזשעפערסאָן האָופּ, איז שוין געוועזען דאָרט, וואו האס, קנאה, שנאה, ליעבע, פריינדשאפט און נקמה האבען אויפגעהערט. פאר איהם איז שוין געשטאנען אָפען א קבר, וואו זיין ברענענדע און אונרוהיגע ברוסט זאָל בלייבען ליעגען אונגעשטערט אויף אייביג.

נאך אין דערזעלבער נאכט, נאך זיין ארעסט, האט דיא מכה אין זיין ברוסט־קאסטען געפּלאַצט. דער ארמער האט ניט געשריען, ניט גערופען אום הילפע, זאָנדערן ער איז דאָרט געשטאָרבען אָהן א קרעכץ. גאנץ פריה, ווען דער וועכטער איז געקומען צו זיין צעלע, האט ער איהם געפונען טויט. אויף זיין געזיכט איז געווען א רוהיגער שמייכעל, וועלכעס האט אויסגעדריקט דעם סטעמפּעל פון זיינע לעצטע געדאנקען. שטארבענדיג צופריעדען, וואס ער האט דורכגעפיהרט זיין ראכע־פּלאַן. אזעלכע שמייכלען האט מען שוין בעמערקט אויף דיא געזיכטער פון מענשען, וואס האבען אָבגעפיהרט א ניטצליכעס און רעכטשאפענעס לעבען.

ניין, דזשעפערסאָן האָופּ איז ניט געוועזען קיין מערדער, און אויב מערדער האבען פערדיענט דעם טויט, דאן האט דרעבבער און סטאנגערסאָן עהרליך בע־צאָהלט מיט זייער לעבען פאר זייער פערברעכען.

האס און ראכע, איז אין 99 פּראָצענט פון 100, איין אבשייליכע מדה פיר א וואהרען ציוויליזירטען מענשען. אָבער איין פּראָצענט בלייבט נאך אימער צוריק, ווען האס און ראכע זיינען נויטהווענדיג, גראדע וויא ליעבע און פריינדשאפט זיינען ניטצליך. דיעזע צוויא בעסטיעס, דרעבבער און סטאנגערסאָן, האבען אָבגע־פיהרט א לעבען פוןווילדע רעליגיעזע פאנאטיקער, און זייער גאנצעס שטרעבען איז געווען, צו ערפיללען דעם גענוס פון זייער בעסטיאליטעט. אום דיעזען ציעל צו ערדייכען, האבען זייא זיך ניט צוריק געשראָקען פאר בלוט פערגיסונג און שרעקליכע מערדערייא.

דזשעפערסאָן האָופּ איז געווען זייער אָפּפּער. דאס וואס זייא האבען איהם נעטהאָן, האט איהם פּאָלקאָמען בערעכטיגט עפּענטליך דורכצובויערן זייערע ברוסטען. אָבער דעננאָך, האט ער זיך נעגען זייא ניט בענוטען וויא א מערדער, זאָנדערן זייא נענעבען א גלייכע געלעגענהייט צום לעבען און טויט, און געהאָפּט אז דיא גערעכטינקייט טוט זיענען. מיט דרעבבער'ן, איז עס נאַטירליך געווען א צופאל, וואס יענער האט געטראָפען איבער דער פערניפטעטער פילל, און מיט סטאנגערסאָנען האט ער געהאנדעלט איין זעלבסט־פערטהיידיגונג.

ניט נאָר איך, זאָנדערן אויך שערלאָק האָלמז, וועלכער האט זיך זאָנסט ניט בעשעפטיגט מיט אזעלכע פראגען, האט איהם רעכט נענעבען צו זיין האנדלונג, און איך בין זיכער, דאס ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט איהם קיין געשוואוירענעס געריכט פעראורטהיילט צום טויט.

„גרעגסאָן און לעסטראד וועלען זיין אויסער זיך פאר שמערץ", האט שערלאָק האָלמז בעמערקט.

„וואָרום ?"

„ווייל זייא וואָלטען זיך פערשאפט א גרויסען נאמען אין דיא צייטונגען."

„זייא ? וויא אזוי ?"

„זייא וואָלטען געפיהרט דעם פּראָצעס און בעוויזען זייער שארפזינן."

„דומהייטען !"

„עס איז ניט קיין דומהייטען," האט ער געזאגט ארויס נעהמענדיג א צייטונג, „זעהט, לייענט דאָ, און איהר וועט זיך איבערצייגען."

דיא צייטונג האט ענטהאלטען א לאנגע בעשרייבונג איבער דעם מערק־ווירדיגען מאָרד־געהיימניס, און גרעגסאָן מיט לעסטראד האבען געשפּיעלט דיא הויפּט־ראָלע.

„זעהט איהר !" האב איך אויסגעשריען, „דאס וועל איך שוין ניט צו לאָזען."

„וואס וועט איהר טהון ?"

„איך האב ביינעוואָהנט אלעס פון אנפאנג ביז צו ענדע, און איך וועל יעדע איינצעלהייטען מיטטהיילען אין אלע צייטונגען. ווארט, איהר וועט זעהען וואס איך קען טהון !"

האָלמז האט נוטמיטהיג געשמייכעלט און בעמערקט :

„נאך אלעמען, איז ער גאר ניט געווען אזא גרויסע זאך. אלעס איז צונע־גאנגען גאנץ איינפאך.“

„איינפאך? וואס רעדט איהר?“

„איך האב אייך שוין אמאל ערקלערט, אז דער וואס איז גוט בעקאנט מיט דיעזער וויסענשאפט, זעהט דיא איינפאכהייט אין דעם, וואס געוועהנליכע מענשען בעטראכטען פאר א גרויסע שווירינקייט. מען מוז נאר נאכפאלגען דיא אנאליזירונג פון דעם גייסט און דורכדרינגען דיא אויבערפלעכליכע איינצעלהייטען.“

„איך מוז מודה זיין,“ האב איך גענטפערט, „אז איך פערשטעה אייך ניט.“

„מערקט נאר גוט; עס זיינען פערהאנדען מענשען, וואס וועלען אויסהערען א רייהע צוטרעפונגען און זייא וועלען אייך דערפון אורטהייקלען איבער דעם רעזול־טאט. אין דערזעלבער צייט אבער, זיינען דא זעהר װעניג מענשען וואס זאלען פער־שטעהען פון א רעזולטאט דיא אורזאכען וואס האבען דערצו געפיהרט.“

„יעטצט בעגרייף איך.“

„מיט דיעזען געהיימניס, איז אויך געווען דאסזעלבע. איך האב געהאט פאר מיר א רעזולטאט, און איך בין געגאנגען זוכען דיא אורזאכען. דאס אין געווען דער איינציגער שליסעל צום געהיימניס. מיר וועלען אלזא נאך אמאל אנפאנגען פון אנהויב. וויא איהר קענט זיך עראינערן, בין איך צוגעגאנגען צום הויז, צו פוס, און מיינע געדאנקען זיינען געווען בעפרייעט פון אלע אנדערע איינדריקע. צום ערשטען האב איך עקזאמינירט דעם וועג און ענטדעקט דיא שפורען פון א דראשקע, און לויט וויא איך האב מיך שפעטער איבערציינגט, זיינען דיא שפורען געמאכט גע־ווארען בייא נאכט.

„לויט א צווייטער אונטערזוכונג, האב איך אויסגעפונען, אז דאס איז ניט געווען קיין פריוואט־דראשקע, זאנדערן איינע פון דיא דראשקעס וואס לויפען ארום איבער דיא גאסען בייא טאג און בייא נאכט, אום דער איינענטהימער זאל עפעס פערדיענען. דיא שפורען פון דיא רעדער, האבען מיר דאס אלעס גענוי דערצעהלט, דען פריוואט־דראשקעס, זיינען גאנץ אנדערש געקאוועט.

„דאס איז געווען דער ערשטער פונקט. מיין צווייטע אונטערנעהמונג איז געווען צו אונטערזוכען ווייטערע שפורען. איך האב בעמערקט בייא דער זייט פון הויז צווייערלייא פוס־שפורען, וועלכע האבען געפיהרט אין הויז אריין. דיא שפורען, לויט וויא איך האב בעמערקט, זיינען געמאכט געווארען צו דערזעלבער צייט, ווען

דיא דראָשקע איז דאָרט געווען. איינע פון דיא שפּורען האט בעצייכענט א מאַן מיט שווערע שיך און דיא אַנדערע לייכטע און פיינע שיך. אין צימער האב איך געפונען דיא לייכטע און פיינע שיך אויף דיא פיס פון דעם טויטען. עס איז אַלזאָ געווען גאַנץ דייטליך, אז דער וואס האט געהאט שווערע שיך, געמאַכט ברייטע שפּאַן און איז דערפאַר אויך א הויכער מענש, — איז דער מערדער, אויב א מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען.

„אָבער אויף דעם טויטענס קערפּער איז קיין וואונד געווען. אין דערזעלבער צייט, האט דער שרעקליכער אויסדרוק פון זיין געזיכט מיר אָנגעצייגט, אז ער האט געוואוסט, דאס דער טויט האט איהם אין זיין געוואָלט און ער איז ניט געשטאָרבען ווייל ער האט דאס געוואָלט.

„איך האב צוגעשמעקט צו זיינע ליפּען און באלד דערשפּירט דעם זויערן ריח, וועלכער ערשיינט אזוי אָפט נאך א געפעהרליכען און שטאַרקען גיפט. איך האב זאָפאָרט בעשלאָסען, אז יעמאַנד האט איהם מיט געוואַלד איינגענעבען גיפט. און אזעלכע פעללע, וואו מען האט איינעם געצוואונגען צו נעהמען גיפט, האבען שוין פיעלע מאָל פּאַסירט.

„יעטצט איז געקומען דיא הויפּט־פראַגע: וואס האט געקענט זיין דיא אורזאַכע דערפון? רויב איז ניט געווען דיא אורזאַכע, ווייל מען האט פון דעם טויטען גאר ניט אוועק גענומען. איז דאס געווען א פּאָליטישע אורזאַכע אָדער גאר איבער א פרוי? דאס האט מיך בעשעפטיגט א היבשע צייט, און איך האב ניט געקענט קומען צו קיין בעשלוס.

„דיא טהאַטזאַכע אָבער, אז דעריעניגער וואס האט בעגאַנגען דעם מאָרד, האט ארום שפּאַצירט עטליכע מאָל איבער דעם הויז, אָנגעצונדען א ליכט, און זיך גענומען זעהר פיעל צייט, האט מיר בעוויזען, אז אין פּאָליטישע פעלע, פּאַסירט דאס ניט. ווען יעמאַנד מוז שטאַרבען דורך א פּאָליטישער אורזאַכע, דאן ווערט דאס אָבגעאַרבייט „איינס, צוויי,“ און מיט אירגענד א מאָרד־אינסטרומענט. איך האב אַלזאָ בעשלאָסען, אז דאס איז געווען א פּריוואַט ראַכע־אַקט, וויא איינער האט געוואָלט זעהן זיין אָפּפער זיך מאַרטערן.

„דאס וואָרט RACHE (ראַכע) אויף דער וואַנט, האב איך ניט געצווייפעלט, אז דאס איז נאָר אום צו פערדרעהען א קאָפּ פון דיא דעטעקטיוו'ס. ווען איך האב אָבער ענטדעקט דעם הייראַטה'ס־רינג, האב איך מעהר ניט געצווייפעלט, אז דאָ האט א פרויענצימער געהאט איין אונדירעקטען אַנטהייל. וויא איהר קענט זיך

עראינערן, האב איך געפרעגט גרענסאָנען, אויב ער האט אָנגעפרעגט פער טעלע־גראמע אין קליוולאַנד, איבער דרעבבער׳ס פריוואט לעבען, און ער האט מיר גע־ענטפערט, ניין.

„דאַן האב איך ווייטער געמאכט איין אונטערזוכונג אין צימער, און דאס האט מיך איבערציינט איבער דער הויכקייט פון דעם וואס איך האב גערעכענט פאר׳ן מערדער, און דאַן וואס פאר א ציגאַר ער האט גערויכערט.

„זעהענדיג קיינע שפורען פון א קאמפף, האב איך ביי מיר בעשלאָסען, אז דאס בלוט איז ניט געקומען פון דעם ערמאָרדעטען, זאָנדערן פון דעם צווייטען וואס איז מיט איהם געווען, און דאס איז געווים געקומען דערפון, וואס אין זיין אויפרעגונג, האט איהם אָנגעפאנגען צו רינען בלוט פון דער נאָז. אום א מענשען זאָל רינען בלוט פון דער נאָז ביי איין אויפרעגונג, מוז ער זיין פול־בלוטיג און רויט אויף׳ן געזיכט. איך האב אלזאָ דערפון געאורטהיילט וואו אזוי ער האט אויסגעזעהן אויף׳ן פנים. דיא ווייטערע ענטוויקלונגען האבען בעוויעזען, אז מיין אורטהייל איז געווען א ריכטיגער.

„ארויס געהענדיג פון הויז, האב איך געטהון דאס, וואס גרעגסאָן האט פער־נאכלעסיגט, דאס הייסט, איך האב טעלעגראפירט נאך קליוולאנד, און איך האב בלויז געפרעגט, אויב דרעבבער האט מיט יעמאנדען צו טהון געהאט געריכטליך אָדער אויף איין אנדער ארט, וואס זאָל אָנצייגען א געגענזייטיגען האס. מען האט מיר געענטפערט, אז א געוויסער דזשעפערסאָן האָופּ, וועלכער איז יעטצט אין איירָאפּא, האט געגען איהם א האס, דערפאר וואס ער האט איהם אוועק גענומען זיין כלה, און זייענדיג אין קליוולאנד, האט ער שוין אמאל געלאָזט ארעטירען האָופּ׳ן פאר אנגריף.

„איך האב שוין אלעס געוואוסט, און אלעס וואס איך האב בעדארפט טהון, איז געווען צו פאקען דעם מערדער.

„ביי מיר איז עס געווען זיכער, אז דער מאן וואס איז אריין מיט דרעבבער׳ן אין לעערען צימער, איז מאקי געווען דער טרייבער זעלבסט פון דער דראָשקע. איך האב פיעל נאכגעדענקט, און ביי מיר בעשלאָסען, אז דזשעפערסאָן האָופּ, האט געווים געמוזט ווערען אליין א טרייבער, אום ער זאָל קענען אם בעסטען פערפאָלגען זיין אָפּפער.

„און אויב ער האט געהאט א דראָשקע און זיך בעשעפטיגט מיט דיעזער פּראָפעסיאָן, האב איך קיין אורזאכע איינגעזעהען, ווארום ער זאָל דאס אויפגעבען.

אין גענענטהייט, אום קיין פערדאכט אויף זיך צו ציהען, האט ער גראדע בעדארפט פערבלייבען בייא דערזעלבער בעשעפטיגונג וויא פריהער.

„איך האב אויך קיין אורזאכע געהאט צו גלויבען, אז ער טראָגט דאָ איין אנדערן נאמען, דען אין א פרעמד לאנד האט איהם סאַ־וויא־סאַי קיינער ניט גע־קענט ווער ער איז, און צו וועלכען צוועק זאָל ער זיך אנדערש רופען? איך האב אלזאָ צוזאמען גערופען מיינע גאסען־אינגלעך, וועלכע האבען שוין פאר מיר פיעלע וויכטיגע ארבייטען געמאכט. איך האב זייא רעאָרגאניזירט און זייא געוואָלט געבען נייע אויפטרעגע.

„אָבער דער טויט פון סטאנגנעסאָנען האט מיך נאך מעהר וויא איבער־ראשט. דיעזע געשיכטע איז ניט געווען אין מיין פראָגראם און איך האב אלזאָ קיין בעגריף געהאט פון אנפאנג, וואס דאס האט צו טהון מיט דרעבבער׳ס טויט. אָבער דיא טהאטזאכע, אז מען האט דאָרט געפונען דיא פיללען, האט מיך באלד איבערציינגט, אז דזשעפערסאָן האָופּ איז אויך דאָרט געווען און געוואָלט דאסזעלבע טהון וויא מיט דרעבבערן, דאס הייסט, איהם צווינגען ער זאָל זיך פערגיפטען. נאָר אזוי וויא דאס איז איהם ניט געלונגען, האט ער איהם דערשטאָכען. יעדענ־פאלס אָבער, האב איך געזעהען דיעזעלבע האנד בייא דער ארבייט.“

„מערקווירדיג!“ האב איך אויסגערופען, „אייער דורכדרינגענדער בליק איז וואונדערבאר! איך מוז און איך וועל זעהען דיא גאנצע וועלט זאָל אייך אנערקענען!“

„אך, דאָקטאָר,“ האט ער געזאגט, „איהר קענט טהון וואס איהר ווילט. פאָרלויפיג, וויא עס שיינט, איז נאך דיא צייט ניט געקומען.“

„ניט וואהר! דיא גאנצע וועלט זאָל עס וויסען!“

איך האב מעהר קיין צייט פערלוירען און בין נאך אין דעמזעלבען טאָג אוועק אין עטליכע רעדאקציאָנען, וואו איך האב אלעס מיטגעטהיילט וואס איך האב געוואוסט. אויף׳ן אנדערן טאָג, איז דיא געשיכטע מיט אלע איינצעלהייטען פוב־ליצירט געוואָרען.

גרענסאָן און לעסטראד, ניט זעהענדיג קיין אנדערן אויסוועג, האבען זייא געמוזט מודה זיין פאר דיא רעפאָרטערס דיא גאנצע וואהרהייט.

יער נאמען שערלאָק האָלמז, איז אין 24 שטונדען צייט בעריהמט געוואָרען, און אָבוואָהל ער איז געווען א מענש, וואס האט אויסגעמיעדען סענסאציאָן, האט אָבער דיא אנערקענונג אויף איהם זעהר פיעל געווירקט. ער האט זיך גענומען

צו זיין פּראָפעסיאָן מיט דאָפּעלען פלייס און ענערגיע, און דיא גרעסטע דע־טעקטיוו געהיימניסע, זיינען אונטער זיין שארפזינן ערגרינדעט געוואָרען און ענט־דעקט.

עס איז איבעריג ווייטער צו דערצעהלען ווער און וואס שערלאָק האָלמז איז; דיא גאַנצע וועלט ווייס, אז שערלאָק האָלמז איז געוואָרען דער גרעסטער דע־טעקטיוו.

ע נ ד ע.



# טאָלסטאָי'ס געזאַמעלטע ווערק

## אין 4 בענדער

---

א זאמלונג פון זיינע בעסטע ווערק איבער ליעבע, ליידענשאפט און פארדארבענהייט אין פאמיליען לעבען.

גראף טאָלסטאָי איז געוואָרען גרויס און בערימט דאדורך וואס ער ניט איבער זיינע הויכע אידעאַלען און פילאָזאָפישע געדאנקען אין אינ-טערעסאנטע און שפאנענדע ראָמאנען, וועלכע זיינען געשריבען אין א זעהר איינפאכע לייכטע שפראך וועלכע איז פארשטענדיג צו אלע לעזער.

די 4 בענדער ענטהאלטען די פאָלגענדע 13 ווערק וועלכע זיינען די בעסטע וואָס ער האָט געשריבען:

1. טאָלסטאָי'ס ביאָגראפיע
2. די קרייצער סאָנאטא
3. איך און מיין מאַן
4. מיין פריינד'ס פרוי
5. איוואַן איליטש'עס טויט
6. צוויי דורות
7. פאַליקושקא
8. אננא קארענינא
9. דער נסיון
10. די פארפיהרונג
11. איוואַן דער נאַר
12. מיין ווידוי
13. קריעג און פריעדען.

**געדרוקט אויף גוטען פאפיר און פראכטפאָל געבונדען**

---

# פרייז 5 דאָלאַר

---

HEBREW PUBLISHING CO., NEW YORK

